לייב קוויטקאָ

# לעבעדיק און פריילעך

(לידער־זאמלונג פאר קינדער)



מעלוכע־פארלאג „דער עמעס", מאָסקווע 1939

Printed in Soviet Union

Л. Квитко

ЖИВО И ВЕСЕЛО

Сборник стихов для детей

★

Рисунки художников:
В. Конашевич, В. Алфеевского.

Редактор *А. Фрумкин.*
Техредактор *М. Погостер.*
Корректор *И. Сойфер.*

---

Сдано в набор 29/VII 1939 года
Подписано к печати 11/XI-39 г.
Формат бумаги $70 \times 108^1/_{32}$. $5^1/_2$
печ. листов. 6 учет. изд. листов.
Уп. Главлита РСФСР А—20889.
Тираж 5000. „Дер Эмес“ № 343.
Заказ № 580.
Цена 2 р. 50 коп, перепл. 1 руб.

---

17-я фабрика нац. книги ОГИЗа
РСФСР треста „Полиграфкнига“
Москва, Шлюзовая наб., 10

## צוגאסט

ניאָ־וויאָ, פערדל,
העץ-העץ, פורל,
גיכער אינעם וואלד אריַנ —
צו דער באבע מירל!

דאָרטנ וואקסנ דעמבעס,
שוועמעלעכ אונ גראָזנ,
דאָרט — אזעלכע פויגלענ
מיט אזעלכע נאָזנ!

בא די גרויסע דעמבעס
שפאנט ארומ די באבע,
ווי א קליינינק הינדעלע,
א הינדעלע א ראבע.

דאָ איז אין די וועלדער
כּײַעלעך גאָר קליינע,
מיט דער באבע איז מען
גאנץ גוטע שכיינים.

ס'פּיקסל צו דער באבען
קומט אַמאָל אַפּ פּראקעס,
מוז מען שוין פארבעטן
אויך א פּאָר איזשאקעס.

אָפּגעווישט די וואָנצן,
אויסגעלעקט די שיסל,
בלײַבט מען פאר גרויס פרײַנטשאפט
זיצן נאָך א ביסל.

אז איך קום אהינצו,
העלפּ קאבאקעס שיילן,
האָט די באבע מײַסעס,
מײַסעס צו דערציילן.

שיקט מיך צו דעם ברונעם, —
נ'עמער איז א לעכל,
ריר איך אָן דאָס וואסער,
רעדלט עס און שמייכלט.

— באבע, ס׳רינט דער עמער! —
שרײַ איך. הער איך זאָגן:
— ווען ס׳א גאנצער עמער,
ווי וואָלסטו דערטראָגן?

גיט זי הייסע פּראקעס,
האלט איך אין איין בלאָזן.
גיי איך זוכן לעכער,
ווו עס ווינען האָזן.

ניאָ־וויאָ, פערדל,
העץ־העץ, פורל,
גיכער אינעם וואלד ארײַן —
צו דער באבע מירל!

## כאזערלעך

— אנא־וואנא, בריגאדיר,
עפן אופ פונ שטאל די טיר!
וויז די נייע, שיינע
כאזערלעך די קליינע!

— שפעטער, קינדער, כעווערלייט,
איצטער דאָ ניט ראשן;
כ'האלט דאָך איצט די כאזערלעך
גראָד אינמיטנ וואשנ.

— אנא־וואנא, בריגאדיר,
עפן אופ פונ שטאל די טיר!
לאָז זיי דאָך א גלעט טאָנ, —
מאָגערע צי פעטע?

— שפּעטער, קינדער, כעווערעלײַט,
האָט איר דען פאַרגעסן?
ס'ע דאַרפן דאָך די כאַזערלעך
גראַדע איצטער עסן.

— אַנאַ־וואַנאַ, בריגאַדיר,
עפן אויף פון שטאַל די טיר!
גיכער שוין באַווײַז זיי, —
ראָזעווע צי ווײַסע?

— שפּעטער, קינדער, כעווערעלײַט,
שטילער, ניט געלאָפן,
כ'לייג אַוועק די כאַזערלעך
גראַדע איצטער שלאָפן.

— אַנאַ־וואַנאַ, בריגאַדיר,
אַלע קינדער בעטן דיך!

— שאַ־שאַ, כאַוויירימלעך,
ס'ע שלאָפן די כאַזיירימלעך!
אָט־אָ רוען זיי זיך אויס, —
לאָז איך זיי צו אײַך אַרויס!

## שוואַלבן

באַ דעם פענצטער אַפ דער וואַנט
איז אַ נעסט פאַראַנען,
אַפ דעם שוועלעכל פונ נעסט
איז אַ שוואַלב געשטאַנען.

לעבנ שוואַלב אַ שוועלבל שטייט,
לערנט זיכ עס צירנ.
לערנט פונ דעם שוואַלב זיכ אויס,
ווי מע דאַרפ זיכ פירנ.

ווי מע קאָנ באַ בלאַסער זונ
אָנטאַפנ די שטראַלנ;
ס'אַרא ליימענ מע פאַרקנעט,
ווענ די ווענטלעכ פאַלנ;

ווי מע שטעלט זיכ אויס דעם וועג
אפ די ווײַטע רײַזעס;
וועלכע יאמענ פליט מענ דורכ,
פעלדער, וועלדער, הײַזער.

הערט דאָס שוועלבל אויס דעם שוואלב,
קלאפט צו מיטנ עקל.
באלד אפ דר׳ערד א פלי אראָפ
אופקלײַבנ א ברעקל.

— ניט אזוי א פלי אראָפ! —
לערנט עס די מאמע, —
דארפסט דײַנ ארבעט מאכנ גלאט,
פלי מיט מיר צוזאמענ...

# זומער־קאָלאָניע

זומער איז שײַנ, זומער ליבער,
פאָרנ מיר אינ וואלד אריבער
אינ א גרויסנ אווטאָבוס
צו די פויגלענ, צו דעמ גראָז.

ווײַסע מײַזלעכ פירנ מיר,
זיבנ טויבנ פירנ מיר.
אונדזער קאָטער פירנ מיר,
הייסנ הייסט ער געלער זאָק,
ווײַל ער איז די מײַז א פרײַנט,
טויבנ האָט ער אויכ ניט פײַנט, —
איז ער אונדזער זאָלאָג.

***

פּאָרן מיר און פּאָרן,
פּעלן אויס דעם קאָרן,
פּעלן אויס דעם מאָן,
קרייט א געלער האָן:

—די קינדער קומען אָן!
די קינדער קומען אָן!

שפּרינגען מיר ארויס,
וואשן גיך זיך אויס
און ווילן עפּעס קאָכן,
איז דער טאָפּ צעבראָכן!

מאכט מען ניט קיין גוואלד,
מע נעמט זיך זיסע קיכעלעך,
מע ווארפט אראָפּ די שיכעלעך —
און — הײַדא אין וואלד!

# גערעטעניש

וואָס פאר פורנ
אפנ ברוק ?
וואָס פארא קלאנגענ
„טוק, טוק” ?

וואָס פאר רעדער
אפ ברוקיר
קלאפנ, קלינגענ
אָנ א שיר ?

פונ פארטאָג,
פרי פארטאָג
פאָרנ פורנ
אפנ ברוק.

שטייסט נאָר אוף, —
זײַנען דאָ;
שלאָפן גייסט, —
זײַנען דאָ.

ווי א וועג,
ווי א שטעג
פאָרן פורן
גאנצע טעג.

גרוזאָוויקעס
מיט געלאָד —
פון די דערפער,
צו דער שטאָט.

פון ראטווירט,
פון קאָלווירט,
צו די באנען
אלץ מע פירט.

פירן פורן
נאָכאנאנד, —
גרויס גערעטעניש
אין לאנד.

## אינ סעדער

עפּל פּעפּינקעס אונ פּלוימענ
אונ די שווערע בארנ—בער!
בעטנ ביימער: —ליבע קינדער,
נעמט אראָפּ א קאפּ, סע שווער.

לאָזט זיכ כעוורע לאנג ניט בעטנ,
לאנג ניט בעטנ—צוליב וואָס?—
אפּ דער ערד איז אָנגעשאָטנ,
פּול מיט פּרוכטנ אפּנ גראָז.

פּריִער פּילט מענ אָנ די קוישנ,
גלײַכ פּונ ביימער—ניט פּונ שאָט.
פּולע קוישנ, פּולע קוישנ
פּאר די ארבעטער פּונ שטאָט.

נאָכדעמ עסט מענ זיס און זאפטיק,
זאפט און זיסקײַט — האָניק־ווײַנ,
ווענ אינ מויל שוינ קאָנ ניט קריכנ, —
קריכט אינ קעשענע ארײַנ.

פולע קעשענעס געפאקטע,
קוימ צו רירנ זיך מיט זיי, —
און עס גלוסטנ נאָך די אויגנ,
נאָר די בײַכלעך טוענ וויי!

מוז מענ אָפּרוענ א ביסל,
און א לייג זיך אפנ גראָז —
קוקט אראָפּ א באק פונ עפל,
און פונ פלוימ — א בלויע נאָז.

און א בינטל שווארצע ווײַנשל
אפ דער לעצטער צווײַג, אָנ-דאָרט,
אך, זיי לאָזנ דאָך ניט רוענ, —
און א כאפּ זיך פונעמ אָרט.

קריכנ, וואַרפנ, טרייסלענ, רײַסנ —
פלאטער־פליטער, בלעטער־בלאט!
און געפאקט שוינ און באקומענ
און א לייג זיך ווידער מאט.

און אַרײַנגעשטעקט די ציינדלעך
און געהאלטן לאנג אזוי, —
עפל, בארן, ווײַנשל, פלוימען,
אך, ווי גוט איר זײַט, אוי, אוי!

— ווער פארזייט די פרוכט אףביימער?
— ווער גיסט אָן אין זיי דעם זאפט? —
שטעלט זיך איינער אוף און ענטפערט:
— ווייסט איר דען ניט, ווער דאָס שאפט?

גוטע גערטנער, גוט געניטע,
גוטע גערטנער, טרײַע מי —
פירן אָן מיט ביים און זאפטן,
היטן אָפ פון פראָסט און גלי. —

זיי באשטעלן עס די פארבן,
שטעלן אָפ די גרייס, די קליין,
און באקליידן און באצירן
אלע פרוכטן איידל, שיין.

דעם־אָ עפל מאכן ווײַניק,
און אָ־יענעם — האָניק־זיס,
אָט די בארן — עטוואָס טערפקע,
יענע — זאפטיק, אזש סע פליסט.

דאָ א נאָפּעלע א פּיצינקס,
דאָרט א בעקעלע א ראָזס,
דאָ א קעפּעלע א שווארצינקס,
דאָרט א געלבלעך-לאנגע נאָז!

ביז עס קומען אָן די קינדער
און די פּרוכטן זיי געפעלט, —
פרייען זיך די גוטע גערטנער,
און דאָס פאָנעם בא זיי קוועלט:

— רײַסט און טרייסלט אָפּ די פּרוכטן!
זאפט און זיסקײַט — האָניק־ווײַן.
ווען איין מויל שוין קאָן ניט קריכן, —
שטופּט אין קעשענעס אַרײַן!

# נעפּל

אוי, ווּ איז די קו שוינ ווידער?
שווערער נעפּל נידערט, נידערט.
שווערער נעפּל דעקט די ערד.
מאני, קו, דו קום אהער!

נעפּל, נעפּל, וואָלקנ ווײַסער,
אויס, ניטאָ קיינ טײַך, קיינ הײַזער.
אלצ צעגייט אינ ווײַסנ רויך,
נאָכ א ווײַל צעגיי איכ אויך!

נאָר א בארג מיט קאָפּ א שמאָלנ,
ווארפט דעמ נעפּל אינ די טאָלנ,
ווארפט דעמ נעפּל טיפ אראָפּ,
אונ באפרײַט זײַנ הויכנ קאָפּ.

העלער ווערט דער בארג אונ לויטער,
בלאסלעכ, ראָז, אונ רויטלעכ, רויטער.
אונ פונ נעפל־טאָל שווימט צו —
צו דעמ בארג דאָרט אונדזער קו.

שפאנט אפ בארג, צומ קאָפ צומ שמאָלנ,
אונ דער נעפל לויפט פונ טאָלנ.
אונ די קו שפאנט אלצ ארופ, —
איר אנטקעגנ זונ גייט אופ.

# באבעצע בלױמצע

װער העלפֿט באַ דעם שניט?
די באבעצע בלױמצע!
װער קלײַבט, װאָס צעשיט?
די באבעצע בלױמצע!

בלױמצע די באבעצע
שאַרט מיט דער שקראַבעצע,
העלפֿט פּיאָנערן
די זאַנגען פֿאַרמערן.
זי אַרבעט װי צען. —
די באבעצע קען.

װער העלפֿט באַ די קי?
די באבעצע בלױמצע!

ווער מעלקט זיי גאנצפרי?
די באבעצע בליומצע.

בליומצע די באבעצע
רײַבט מיט דער שקראבעצע,
העלפט פיאָנערן
די שטאלן פארקערן.
דעם בעזעם אין האנט
זי קערט און זי ראמט.

דעם קאָרן ווער היט?
די באבעצע בליומצע!
ווער הערט פרעמדע טריט?
די באבעצע בליומצע!

בליומצע די באבעצע
שטיל מיט דער שקראבעצע
העלפט פיאָנערן
דעם פײַנט צו דערהערן,
זי הערט זײַנע טריט —
געהיט איז געהיט!

## דאָס זשוקל

א רעגן! א רעגן!
סע גיסט מיטאמאָל
אין רינוועס, אין ריטשקעס,
אין טײַכל, אין טאָל.

סײַ ביימער, סײַ טוויעס,
זיי ציטערן נאס,
קיין מענטשן, קיין פייגל,
קיין הינט ניט אין גאס.

און איינס נאָר א זשוקל
מיט פיסעלעך רויט
דאָ דרייט זיך מיט ריטשקעס
און שפּילט זיך מיט טויט.

אָט קערט זיך דאָס איבער —
אוי, גול־גול, און אויס!
אָט שטעלט דאָס א פּיסל
און רײַסט זיך ארויס.

אָט טוט אים איך קעפּל
א טראָפּן א קלאפּ,
און אונטן א בולבע
אָט טוט עס א כאַפּ.

נאָר דאָ טוט א שפּענדל
א קרים זיך, א לויף,
א נייג זיך צום זשוקל
און נעמט עס ארויף.

דאָס שטעלט זיך אינמיטן
און האלט זיך גוט צו,
עס שווימט זיך דאָס שפּענדל
און טראָגט ערגעץ־ווו.

די ריטשקע, זי בלעבלט,
און זילבערט און בלענדט,
עס טראָגט זיך דאָס שפּענדל
פאר שטיבער, פאר ווענט.

און קומט צו א שטיבל
אונ טוט זיכ א שטויס,
ארײַנ אינ א לעכל,
ארײַנ אינ א הויז.

דאָ וווינט א מישפאָכע
מיט קינדערלעכ דרײַ,
זיי כאפנ דאָס זשוקל
אונ לאָזנ עס פֿרײַ.

# דער קאָוון

א מײַסע, א געשיכטע,
א טרעפּעניש, א ליד,
ווי פון א טרוקן קערל
א קאָוון האָט צעבליט.

פאַראַנען ערד א פּאַסיקל
בא אונדז לעבן דעם פּלויט,
צעאַקערט כ׳האָב דאָס פּאַסיקל,
א קערן כ׳האָב פאַרזייט.

פאַרטריקנט כאָטש דאָס קערנדל,
געוואַלגערט אונטער טריט,
האָט דאָך פאָרט א בלעטעלע
פון דעם אַרויסגעבליט.

געגאַנגענע רעגן, רעגעלעך,
דאָס בלעטל ווערט א בלאט,
דאָס בלאט ציט אויס גאָר פינגערלעך
און ווערט א גאנצער יאט!

נאָך רעגנס און נאָך רעגעלעך,
נאָך זונען און נאָך ווינט —
און די בלעטער־בלעטעלעך
געבוירן גאָר א קינד!

א קאוונדל א קליינינקעס,
א קײַלעכדיקס, א גרינס
האלט זיך בא א האָדענע
מיט העלדזעלע א דינס.

געוואקסן איז דאָס קאוונדל,
געוואקסן איז מײַן גליק,
ארומגעצאמט מיט בערעלעך
פון ייִנגלעכס־צינגלעכס בליק.

ביז איינמאָל נאָך א ווארעמעס
איך גיב א שפרונג צום אָרט,
טרעף איך שוין קיין קאוונדל,
נאָר שוין א קאוון דאָרט!

מיט פּאסיקלעכ, מיט שטרײַפּעלעכ
אונ מיט א ווײַסער באק,
איכ פּרוּוו עס צווישנ קנײעלעכ,
הא־הא! סע טוט א קנאק!

איכ האָב געכאפּט א מעסערל,
געטאָנ א ריר אונ — טראכ!
דער קאווּנ איז צעפאלנ זיכ,
אָ, דימענטנ א סאכ!

א האלבס געשענקט דעם שוועסטערל,
א האלבס פאר מיר אלײנ,
ס'איז יעדער אפּ מײַנ קאווּנדל
מעקאנע מיר געווענ.

לאנג שוינ נאָכנ קאווּנ
געבליבנ שיסלעכ צוויי,
האָב איכ פאר די הינדעלעכ
א טרונק געשטעלט אינ זײ.

אונ מיט די שווארצע קערעלעכ
איכ זעצ זיכ בא דער טיר
אונ מאכ א בײַטשף פערעלעכ,
מײַנ שוועסטער א באציר.

א מײַסע, א געשיכטע,
א טרעפּעניש, א ליד,
װי פֿון א טרוקנ קערל
א קאװנ האָט צעבליט.

# קאַבאַקעס

אויפֿן גרויסן גאָרטן,
אויפֿן געלן פֿעלד
איז בײַ דער באָבע שלאַק
אויסגעוואַקסן דער גרעסטער קאַבאַק.

קנישעס וועט זײַן אָן אַ סאָף,
פֿאַרן גאַנצן דאָרף.
מע וועט באַקן און באַקן
און די קערלעך
קיינמאָל ניט דערקנאַקן.

גייט די באָבע דעם קאַבאַק
צום בײַדל אַריבערפֿירן —
קאָן זי אים ניט רירן.

שטופּט זי, דרייט זי, די באבע,
און פאַרלירט אַ שקראַבע.

לויפט צו דער זיידע צום קאַבאַק
און זאָגט:
— אַזאַ מין נעמט מען אין אַ זאַק. —
און ער באַשפּייט די הענט
און טוט זיך אַ פאַרנעם צום קאַבאַק, —
ווערט באַלד זיין העמד צעקנאַקט!

קרעכצט די באַבע:
—קכאַ־קכאַ,
געזעען אַ קאַבאַק אַזאַ!
כאָטש לאָז אים דאָ ליגן, דעם בער,
און ברענג אים דאָס ביידל אהער! —
און דער זיידע קרעכצט פאַרשעמט:
— אומזיסט־אומנישט צעקנאַקט דאָס העמד. —

פּלוצעם וואַקסט אַ כעוורע אויס,
און איינס אַ יאַטל
אַזוי די גרויס
שרייט:
— אָט אַ קאַבאַק!

באבע, מיר וועלן דיר העלפן אים שיילן,
און דו וועסט מיט שטיקלעך
אונדז אלע באטיילן.—

דאָ האָט די באבע געזאָגט פארטראכט:
— כ׳וואָלט אייך אפילע נאָך קנישעס געמאכט,
נאָר כ׳קאָן אים ניט רירן פון אָרט! —
איז דאָס יאטל אוועק צום געצעלט
און געבראכט א האק
און האקט און האקט אין קאבאק,
און צעקנאקט.

פאר פרייד האָט די באבע
פארלוירן די צווייטע שקראבע.
פארגעסן אָן העמד האָט דער זיידע,
זיי האָבן א נעם געטאָןביידע
און מיט הענט און מיט זאק
אריבערגעטראָגן דעם גאנצן קאבאק.
אָנגעפילט די מולטער אין דער שטוב,
און פאר דער שטוב א פולן גרוב.
אזוי פיל איז געווען קאבאק.

פאר מענטשן אָבער
איז ער ניט געווען געשמאק.

נאָר די קו און די כאַזיירים
האָבן דעם קאבאק
געריסן פֿון די פינגער.
אַלץ באַלעקט זיך מיט די צינגער
און ניט געקאָנט פאַרגעסן גאָר.
און קלאָר:
זיי האָבן דעם קאבאק געפרעסן
קימאַט אַ פערטל יאָר.

# היץ

סע פּאַרעט, סע פּאַרעט,
סע פּאַרעט די היץ.
אַראָפּוואַרפֿ דאָס העמדל,
די שיכלעך, דעם מיץ.

נאָר ס׳גליט אין דער פּלייצע
צעגליטער טשוהונ —
נו, זאָל שוין א וואָלקן
פֿאַרשטעלן די זון!

א בליץ זאָל צעשניידן
די היץ אין דער מיט —
נאָר אלץ אָן א רעגן!
איצט דאַרף מען אים ניט.

סע נעמען קאָלווירטן
די ברויטן אַראָפּ,
מע דאַרף ניט קיין רעגן,
קיין איינציקן טראָפּ.

אַזוי מעגן וואָלקנס
נאָר טאָן זיך אַ שטרעק. —
די זון נאָר פאַרהענגען
מיט קילבלעכער דעק.

באַטאָג נאָר, אויף שאָען,
אויף פּונקט צו דער מאָס!
די זון ווי זי פּײַערט —
אַ היץ-באַלעבאָס!

## מע דאַרף דיך ניט!

רעגנ, רעגנ,
איצט איז שניט. —
איצט קיינ רעגנ
דאַרפ מענ ניט.

ווער דאַרפ רעגנ?
ווער דאַרפ קויט?
אפ די פעלדער
וואַרט דאָס ברויט.

סע וועט ווערנ
נאַס אונ פויל, —
דרעש־מאַשינעס
שטייענ הויל.

קאָלעקטיוונ
אינעם לאַנד
שנייַדנ,
דרעשנ נאָכאַנאַנד.

רעגנ, רעגנ,
איצט איז שניט,
איצט קיינ רעגנ
דאַרפֿ מענ ניט.

## די פרוכט און די ביימער

מע טראָגט אַרײַן די פרוכט אין שטוב,
מע לאָזט דעם סאָד אין דרויסן,
סע כאַפּט אים אָן דער ווינט באַם טשוב
און טוט צו דר'ערד אים שטויסן.

מע עסט די פרוכט געקאָכט, צי רוי,
צי באָדט זי זיך אין זאַפט פון סלוי,
צי שטיף אין טיפער פלאַש פאַרבאַרגט,
מיט זאַמד פאַרדעקט, מיט ספּירט פאַרשוועגקט,
צי ליגט זי גאָר אין וואַזעס גרויסע —
און נאָר דער סאָד — ער בלײַבט אין דרויסן.

און רעגן אַפּ די ביימער גיסט.
און צוגעקילט, ער הוסט און ניסט:

— מיר וואָלטן זיך צעלאָפן גיך,
האָט יעדער נאָר איין פוס בא זיך.
אוי, נעמט אונדז אויך אין שטוב אריַין,
מיר ווילן אויך מיט קינדער זיַין,
סע קומט באנאכט דער פראָסט נאָך אָן!..

וואָס קאָן מען פאר די ביימער טאָן?
פארבינדט מען זיי די פיס מיט זעק,
און וויַיסער שניי די קעפּ באדעקט.

## ערשטער הארבסט־טאָג

לעצטע זומער־טעג,
איינער פון צווייטנ שענער,
סע לויפנ אינ דרויסנ
אינ קורצינקע הויזנ
אויסגעוואקסענע הענער.

הינדעלעך פּיקנ ניט מער
מיט דער קוואָקע, —
פּיקנ אליינ שוינ
אונ שפּרינגענ אונ האָקענ.

איבער די גאסנ,
איבער דעמ ליקל
שפּרינגענ זיי דורכ
דאָס שמאָלינקע בריקל.

פיסלעכ מיט בענדלעכ
שארנ דעם וועג.
הינדלעכ אונ העגדלעכ, —
זוניקע טעג.

אָבער א נאכט,
א נאכט א שווערע,
קומט אונ מאָנט:
— הארבסט זאָל ווערנ! —

קומט אזא נאכט
מיט ראש אונ קויעכ,
פאלט אָנ די נאכט
אונ שפאלט דעם מויעכ.

קרעכצנ די ביימער,
הירזשענ די פערד,
קרעכצט די ערד.

אפ מאָרגנ דער דרויסנ —
אינ וואָלקנ־געיאָג:
דער אָנהייב פונ אָסיענ —
ערשטער טאָג.

# הארבסט־פּאַרזיי

סע ווייַזן זיך וואָלקנס, סע הערט זיך א ווינט, —
די לעצטע היץ זיי לעשן.
די רעשט געפֿרעטעניש אייַליק, געשווינד
די דרעש־מאשינעס דערדרעשן.

די אווטאָס און וואָגנס פֿאָרן געלאָדן
צו עלעוואטאָרס אין ריי.
סע ליגט זיך אָן מעזשעס ערדענער באָדן
און וואַרט אף הארבסט־פּאַרזיי.

סע ליגט זיך אָן מעזשעס דער שווארצער פּאַר,
און פֿויגלען אין רייַזעס פֿליִען,
סע טוען די טראקטאָר־קאָלאָנעס א שפּאַר
אף פּאַר מיט רייַנער זריִע.

## הארבסט

זיך צוגעגרייט שוין אוגערקעס,
קארטאָפל, קרויט און ציבל,
סע טוען אָן די פויערים
די לײַבלעך און די שטיוול.

שוין אוגערקעס און קאווענעס
פארזײַערט אין די פעסער,
מיט זאלץ און קריפּ באוואָרנט זיי
און צוגעדעקט מיט פּרעסן.

און ראדיאָ ארײַנגעפירט —
דאָס גאנצע לאנד צו הערן!
און לערנביכער אײַנגעקויפט, —
נאָר עפן אוף און לערן.

אינ שטאלנ גרייט מענ וואָגנס צו
אפ סליאָטעס אונ אפ בלאָטעס,
דער שווארצער פאר אפ פעלדער ליגט
ווי נייע גוטע לאטעס.

אונ סירקע־הונט גייט אום אזוי
מיט אויסגעשמירטע לאפּעס;
דאָס הינדעלע — א סטאטיקל,
כאָטש נעמ עס אונ כאָטש כאפּ עס.

די פויגלענ שטייענ אָנגענעצט
אונ פורקענ אפ די פלויטנ.
אכ!
בא אלע ביימעלעכ
שיילנ זיכ די הויטנ!

# אפנ גליטש

גליטשנ, גליטשנ, גליטשנ ווידער, —
ווארעמ ווערט אינ אלע גלידער,
פלאמ אינ בעקלעכ,
קראפט אינ הענט,
אינ די אויערנ — פײַער ברענט!

מיט א שליטל,
אָנ א שליטל,
אפ א קלאָצ, א דראָנג, א ריטל,
אפ די קני צי אפנ היטל,
היי, אלציינס!
יאט אונ יאט —
גליטש איז אויסגעגאָסנ גלאט!

פראָסט האָט ליב צו זײַן אין דרויסן,
פראָסט האָט ליב א גליטש א גרויסן! —
פראָסט האָט ליב, אז מ'איז ניט מיד!
היי,
לעקאָוועד אים א ליד:

„שמידער,
שמידער,
מיט גלעזערדיקע גלידער,
קומסט אפ גאנצן ווינטער,
האלטסט זיך מיט אונדז אונטער, —
ציסט אונדז פון די טויערן,
שנעלסט אונדז אין די אויערן,
מאכסט פאר אונדז טרוקן,
שטעלסט פאר אונדז בריקן!
און אפ בארג און אין טאָל,
שטעלסט פון אײַזן און פון שטאָל,
שטעלסט אזוינע גליטשן,
אזוינע גוטע גליטשן!"

# שניי־טײַבעלעכ

שניי און שניי און שנייעלעכ,
פיצינקעלעכ טײַבעלעכ
פליִען, פליִען, זעצנ זיכ
אפ דער גאָרער וועלט.

ווערט די וועלט א ווײַסינקע,
פול באזעצט מיט טײַבעלעכ,
שניי און שניי און שנייעלעכ,
פרישינקע ווי קעלט.

גיי איכ — שפּרינגענ טײַבעלעכ,
לויפ איכ — פליִענ טײַבעלעכ,
שניי און שניי און שנייעלעכ,
מיכ פארדרייענ זיי.

אוי, א שאָד צו רירן זיי!
אוי, א שאָד צעריַיבן זיי!
שטיי איך בעסער, ריר זיך ניט;
דרייט זיך, דרייט — איך שטיי!..

ניין, בעסער לאָזן זיך
דרייען זיך מיט זיי!

# א ווינטער־מעשׂה

לויפט ארום א בער אין וואלד.
אָט־אָ איז שוין ווינטער באלד.
ווינטער,
ווינטער,
ווינטער גייט!
און דער וואלד איז אָן א קלייד,
אָן א פויגל, אָן א נעסט,
גאָר א נאקעטער פאר פרעסט.

אין אזא מין גרויסן,
גרויסן,
קאלטן, ווינטיקן
אינדרויסן —
הוילערהייט,
אָן א קלייד!

שטעלט זיך בער באַם ברעג אוועק,
ביידע לאַפּעס אויסגעשטרעקט:
— פּעטער שנייער! —
כ׳בעט דיך זייער,
כ׳בעט דיך זייער, —
ס׳איז דעם וואַלד שרעקלעך קאַלט,
שיק אַראָפּ אַ צודעק באַלד!

פליט דער פּעטער שנייער, פליט ער,
שיט ער, שיט ער,
שיט ער, שיט ער
פּוך און פּוך,
אָן אַ ברעג,
באַלד דעם וואַלד שוין צוגעדעקט.

לויפט צוריק אין וואַלד דער בער,
פרייַלעך־דרייַלעך הין און הער —
ס׳פּאַלט דעם וואַלד אַ קלייד אַף ווינטער, —
לויפט דער בער און באַלד פאַרשווינדט ער.
— וווהין איז ער אַנטלאָפן?
— אוועק זיך לייגן שלאָפן!

# מיטן שליטל

אָנגערוקט דאָס היטל,
א נעמ געטאָן דאָס שליטל,
צו דעמ בארג דאָרט מיטאמאָל —
און פונ דאָרט אינ טאָל.

כ׳קען זיכ שליטלען ליגנדיק
און זיצנדיק און וויגנדיק,
אויכ אפ אלע פיר —
ווי סע גלוסט זיכ מיר.

טוט א קרימ דאָס שליטל, —
פאלט אראָפּ דאָס היטל,
פאל איכ אויכעט מיט, —
נאָר דאָס שליטל ניט.

שליטל פאָרט אליינ אוועק,
מיטנ לאנגנ שטריקל־עק.
טוט א גליטשע ווי א שאָל —
אונ סע בלײַבט אינ טאָל.

נאָר מײַנ שליטל ווארט ניט לאנג,
כ׳פלי אראָפּ צו דעמ, דערלאנג,
אונ איכ הייב אָנ נאָכאמאָל —
פונעמ בארג — צומ טאָל!

## פֿויגלען זיך א שיט געטאָן

וויפֿל דויערט דען דער ווינטער?
נאָך א טאָג, צי נאָך א וואָך.
מיטאמאָל וועט טאָן א בראָך
און סע וועלן וואַר׳מע ווינטן!

עסט דערווײַל, דער ווינטער קוילן,
שיט א ביסל שניי נאָך אויס,
לאָזט אין דרויסן ניט ארויס
מיט קיין פּיסעלעך קיין הוילע.

ס׳איז אוואדע זייער שווער
אין פּאלטאָ זיך טאָן א קער —
אָן פּאלטאָ איז ערגער נאָך —
אזא פראָסט די גאנצע וואָך!

פרילינג, פרילינג ווילן קינדער,
שרייבן מיר א ליד דעםווינטער:
„שוין גענוג מיט דיר פארבראכט.
גיי דיר, פראָסט, א גוטע נאכט...״

נאָר פון פראָסט נאָך ניט געענדיקט,
ווערט די פען אליין לעבעדיק,
טוט אין טינט א קורצן טריט
און זי שרייבט אליין די ליד:

„ווער מיר פרעסט, וואָס מיר פרעסטו!
ס׳קומט די זון און עסט זיי, עסט.
פויגלען זיך א שיט געטאָן —
הייסט עס, פרילינג הייבט זיך אָן!״

## שטאַרן פֿליִען

וואָס קלאַפּן די קינדער
און זעגן און האַקן?
מע גרייט פֿאַר די געסט,
פֿאַר די שטאַרן, די שלאַקן.

די זון, זי שײַנט,
סע קומען די פֿרײַנט —
צעפּיקן,
צעפֿליקן
אין סעדער די פֿײַנט!

סע וועלן די שטאַרן
די שעדיקער פּיקן:
וועט פּרוכטן געראָטן,
וועט זײַן וואָס צו פֿליקן.

די זון, זי שײַנט,
סע קומען די פֿרײַנט —
צעפּיקן,
צעפֿליקן
אין סעדער די פֿײַנט!

## יונגע שיסער

גיסט א רעגן א געשמאקער,
לאָמיר גיכער וואקסן,
שטאַרקע הענט און רויטע באקן,
העכער אין די אקסל.

וואקסן קינדער גיכער, שטארקער,
וואָראָשילאָוו־שיסער:
ליאפּעט, וואָלקנס, גיסט געשמאקער,
וואָלקנס רעגן־גיסער!

אז מיר וועלן צו דעם פּריזיוו
אַט־אָט־אָ זיך שטעלן —
זאָל אונדז כאָווער וואָראָשילאָוו
פאַר ארמייער וועלן.

ווען שטעלן אונדז ווי שיסער
אין די ערשטע רייען,
אז מיר זאָלן די בורזשויען
קעפּ ארונטערדרייען.

מירן פירן עראָפּלאנען,
מירן פירן טאנקעס,
פּײַנט ניט וויסן וועט, פונוואנען
מירן אים דערלאנגען.

מירן אים אפּ טויזנט וועגן
כאפּן און צעקלאפּן,
זאָל ער זיך צו אונדז דערוועגן
אויסשטרעקן זײַן לאפּע.

וואָס מיר וייסן — וייסן מיר:
ווו בורזשויען זײַנען,
דאָרט איז אומגליק, וייסן מיר:
דאָרט איז בלוט און פּײַנען.

וואָס מיר וייסן — וייסן מיר,
דאָרט, ווו רויטע זײַנען,
דאָרט די פעלקער, וייסן מיר,
פרייען זיך און שײַנען!

# דער טאַנקיסט

האָט דער זון געזאָגט דער מאַמען:
— כ'וועל דיך פאָלגן, וואָס דו ווילסט.
פאָלג מיך אויך און שיק מיך ווערן,
שיק מיך ווערן אַ טאַנקיסט.

זאָגט די מאַמע: — יאָ, מײַן זון. —
זאָגט דער זון: — דאָס מוז מען טון.

זעסט אַליין, אַז די בורזשויען
האָבן פאַרט פאַרשטאָפּטע קעפּ:
גיב זיי דאָס, און דאָס דערלאַנג זיי —
דאַרף מען זיי דערלאַנגען — קלעפּ!

זאָגט די מאַמע: — יאָ, מײַן פרײַנט. —
זאָגט דער זון: — איך האָב זיי פײַנט.

איך פארשטיי, אז קלעפּ זיי געבּן
האָבּן נאָר די גרויסע רעכט, —
און די קליינע דארפן ווארטן —
ווארטן איז אוואדע שלעכט. —

זאָגט די מאמע: — יאָ, מײַן גאָלד. —
זאָגט דער זון: — כ׳וואָלט שוין געוואָלט.

ווען דער מארשאל זאָל מיך פרעגן:
זאָג, אין וואָסער טייל דו ווילסט?
זאָג איך: „אז מיר אלע ווילן,
איך זאָל ווערן א טאנקיסט”.

זאָגט די מאמע: — יאָ, מײַן קיין. —
זאָגט דער זון: — כ׳פארשטיי אליין.

פאָרן מיר ארויס מיט טאנקעס —
כעוורע זײַנען מיר א סאך —
מאמע, קלאפּן די בורזשויעס
איז אן עמעס גוטע זאך!

## בריוו

שרײַבט צו דעם אײניק די באבע א בריוו
אזש אין טיפן וואלד —
קאָטשערעס, לאָפּעטעס שרײַבט זי צו איר:
„קום צו פאָרן באלד!

ווערוועקעס קלאפּן אין פענצטערל מיר:
„מירען, מירען ברענג".
קום שוין צו פאָרן, איך וויל דיך שוין זען,
קום אראָפּ, מע בענקט!"

ענטפערט די מירע דער באבען א בריוו
אזש אין טיפן וואלד —
שטעקעלעך, פלעקעלעך שרײַבט זי צו איר:
„כ'קען ניט קומען באלד.

כ׳לערנ זיכ. כ׳לערנ זיכ פליִענ אינ הייכ,
איז אינ צייַט מיר ענג.
דיכ אונ די וועווערקעס גלוסט זיכ מיר זענ,
גלוסט זיכ שטארק, איכ בענק.

כ׳לערנ זיכ, כ׳לערנ זיכ פליִענ אינ הייכ,
א מאשינ איכ פיר.
ס׳ווילנ בורזשויענ זיכ לאָזנ אפ אונדז —
ווי געפעלט עס דיר?!

ווילנ אונדז טרויעריק מאכנ — די שלענג,
אָרעמ אונ געמיינ.
ס׳ווילנ בורזשויענ פארקנעכטנ דאָס פאָלק —
באבע, זאָג אליינ!

איכ נעמ די מאשינ,
איז טוט זי מיכ פאָלגנ,
זי טראָגט מיכ אהינ,
ארופ צו די וואָלקנ.

אונ העכער צומ ווינט,
צו פראָסטיקע שטרעקעס,

זי טראָגט זיכ געשווינד
אינ הימל אָנ ברעגעס.

אונ שפּרינגענ איכ קענ
אינ וואָלקנס, אינ שקוואלנ,
אונ באבע, וועסט זענ —
באמ וואלד וועל איכ פּאלנ.

זאָלסט קוקנ, סע בליט
אינ הימל א שירעמ, —
איז דאָס צו דיר פליט
דײַנ אייניקל מירעמ.

דערנאָכ וועל איכ ברענגענ
דעמ אעראָפּלאנ,
אונ ווי'נ דו טוסט בענקענ —
איז פיר איכ דיכ דאנ.

צו קינדערלעכ דײַנע —
די זינ אונ די טעכטער,
צו אייניקלעכ פײַנע —
די העלדישע וועכטער.

די פליערס, די רײַטערס,
די רויטע ארמייער,

אוי, וועלן די קינדער
מיט דיר זיך דערפרייען!

האָסט פיל רויטארמייער
אין ראטנפארבאנד.
די וועכטער געטרייע
באהיטן דאָס לאנד!"

# דער יאָנטעוו פֿונ פּריזיוו

וואָס איז הײַנט פארגאָסנ
מיט ליכט אָט דאָס הויז?
פונ וואָס איז די סימכע
אָט דאָרט אזוי גרויס?

זאָל זײַנ פונ געבורט־הויז
געבראכט האָט די מאמע
איר נײַעמ געבוירענעמ
יאטל? — מיסטאמע.

צי גאָר די מעזינקע
מע גיט דאָרטנ אויס?
וואָס איז הײַנט די סימכע
אָט דאָרט אזוי גרויס?

וואָס טויג אונדז דאָס פרעגן,
וואָס דארף מען דאָס טרעפן?
פאר אונדז טוט די טיר זיך
א פרײַנטלעכן עפן. —

מיר זעען פיל מענטשן,
אין שענסטן געקליידטע,
פארברענגענע אין סימכע
בא טישן געגרייטע.

און פריילעכע טאָסטן
זיי הייבן פאר איינעם
א יונגן א שיינעם
א באָכער מיט ביינער.

און דאָ ערשט פארשטיי איך
די סימכע פון זיי:
דער יאט טרעט ארײַן
אין דער רויטער ארמיי!

באם יאט איז א יאָנטעוו,
ס'איז יאָנטעוו בא יעדן,
בא פאָטער און מוטער,
בא באבען און זיידן.

דאָס זעט מען אין געגגל,
דאָס הערט מען אין ריידן,
דעם יאָנטעוו פון פריזיוו
מע יאָנטעווט אין פריידן.

מע זינגט און מע דרייט זיך,
די מאמע — זי קוועלט.
דאָס לעבן איז ליכטיק
בא אונדז אף דער וועלט!

היי, ברייטער דאָס רעדל,
א פרייליכס הייבט אָן —
די באבע דעם זיידן
זי פירט אינעם קאָן!

און איינס קעגן צווייט, און איינס קעגן צווייט,
מיט ערנסט, מיט פייַער דאָס פאָרל זיך דרייט.

זי קוקט צום קארניז, ער קוקט צו די פיס,
קוקט זי צו די פיס, קוקט ער צום קארניז.

און איינס קעגן צווייט, און איינס קעגן צווייט,
סע פאטשט מיט די הענט צו דעם טאקט זיי די קייט.

— געענדיקט דאָס טאַנצן
מע גייט צו די טישן,
מיט טיי און מיט פּרוכטן
באַנייס זיך דערפרישן.

דערנאָך זאָגט דער זיידע:
— אהיים גיין, סע טאָגט!
ער גייט צו צום אייניק
און קושט אים און זאָגט:

גיב איבער דעם מאַרשאַל
מײַן דאַנק, מײַנע גריסן,
צוויי זין מײַנע האָט ער
געמאַכט פאַר טאַנקיסטן.

איך בין ניט מעקאַנע
דעם פײַנט און זײַן טאַטן,
וואָס וועלן זיך שטעלן
אין וועג מײַנע יאַטן!

און איצט זאָג דעם מאַרשאַל,
איך האָב אים געגריסט,
איך בעט אויך, מײַן אייניק
זאָל זײַן א טאַנקיסט!

## א וויגליד

מאמעלע מיַין, מאמעלע מיַין,
שלאָף שוין איַין, שלאָף שוין איַין,
איך וועל דיר דערציילן א מיַיסעלע באלד,
ווי איך בין, דיַין זונו, געגאנגען אין וואלד,
געגאנגען אין וואלד צו האקן די שטאמען,
צו מאכן א שיף, צו שווימען אף יאמען,
די בייזע אקולן צו קלאפן,
די פישעלעך גאָלדענע כאפן.

ווי איך בין, דיַין זונו, אריַין אינעם וואלד
און האק אין דעם בוים און דעם בוים איך צעשפאלט —
באוויַיזט זיך דער האָז און זאָגט מיט געבייזער:
— איך בין אינעם וואלד דער שרעקלעכער קייסער,
דו זאָלסט מיַינע וועלדער ניט האקן, —
איך פרעס דיך אף ביידע פאָר באקן! —

— אנו-נאָר, דו האָזל־קאפּאָזל, קום הער,
אנו, לאָמיר פּרוּוון ווער וועמען, ווער-ווער...

דערשרעקט זיך דער האָז און קומט שוין ניט מער.
באוויַיזט זיך דער פוקס און הייבט אָן צו שפּרינגען:
— געפעלסט מיר, קום הער, איך וועל דיך פארשלינגען,
דו ביסט א געשמאקער, א גוטער,
איך וועל דיך פארפּרעגלען אף פּוטער.

אנו-נאָר, דו פּיקסל־קאפּיקסל, קום הער
אנו, לאָמיר פּרוּוון, ווער וועמען, ווער־ווער...

אנטלויפט ער, דער פוקס, און וויַיזט זיך ניט מער!
נאָר דאָ קומען אָן די וועלף און די בערן,
מע בילט און מע ברילט — מעשוגע צו ווערן!
די שרעקלעכע ציינער זיי וויַיזן,
מע גייט מיך אף שטיקער צעריַיסן,
די שלונגען, די צונגען ארויס און אריַין —
מאמעלע מיַין, אוי, מאמעלע מיַין!

האָט סטאלין דערהערט, וואָס טוט זיך אין וואלד,
האָט סטאלין א טאנק ארויסגעשיקט באלד,
דער טאנק האָט די חיַיעס צעשלאָגן —
און מיך צו דער מאמען געטראָגן...

מאמעלע מײַנע, מאמעלע מײַנע,
שלאָף ניט אײַנע, שלאָף ניט אײַנע.

איך װעל דיר דערצײלן, װילסט װיסן, מיסטאמ,
װי איך בין, דײַן זונו, געשװוּמען אין יאמ,
געשװוּמען אין יאמ צו זעען די ברײטן,
צו קוקן אין טיף, צי װאקסן דאָרט קװײטן,
די בײזע אקולן צו קלאפן,
די פישעלעך גאָלדענע כאפן!

אזױװױ מײַן שיף אין די כװאליעס איך שטױס,
אזױװױ איך צי א גאָלדנס ארױס,
באװײַזט זיך א ראק, ער דרײט מיט די צװאנגען:
— איך שלעפ דיך אין גרונט, איך נעם דיך געפאנגען,
סע װעט דיר ניט העלפן קײן קלאָגן —
מיט מיר קאָן זיך קײנער ניט שלאָגן!

אנו-נאַר, דו ראקל־קאבאקל, קומ הער,
אנו, לאָמיר פרוּװן, װער װעמען, װער-װער...

דערשרעקט זיך דער ראק און װײַזט זיך ניט מער.
און דאָ װי א בארג דער װאלפיש באװײַזט זיך,
ער רײַבט זיך אין שיף: אין קאָפ, זאָגט ער, בײַסט זיך,

סע קיצלט מיך שטאַרק אין די אנגלען,
מיר גלוסט זיך מיט דיר צו ראַנגלען!

— אנו-נאָר, דו פּעמפּיק, אנו, קום אהער,
אנו, לאָמיר פּרוּוון, ווער וועמען, ווער־ווער...
באַהאַלט זיך דער וואָלפיש און ווייַזט זיך ניט מער.
נאָר דאָ קומען אָן רעגנס און ווינטן,
זיי כאַפּן מייַן שיף און שטיקער זיי שינדן,
דער יאַם ווערט מיט בערג און מיט גריבער,
אָט קערט זיך מייַן שיפעלע איבער.

די גריבער די פינצטערע שלינגען מיך אייַן —
מאַמעלע מייַן, מאַמעלע מייַן!

האָט סטאַלין דערהערט, וואָס עס טוט זיך אין יאַם —
האָט סטאַלין געשיקט אזא הידראָפּלאַן,
ער האָט יענעם שטורעם צעשלאָגן —
און מיך אינעם קרעמל געטראָגן.

מאַמעלע מייַן, אוי, מאַמעלע מייַן,
מע עפנט די טיר, און ווער קומט אַרייַן?
און הייבט מיך אַרויף צו זיך אויף די הענט,
צו זיך אָט אזוי, ווי פּאַפּאַ מיך נעמט,
און פרעגט מיך אַלץ אויס, וואָס טוט זיך אין יאַם.
נו, טרעף ווער דאָס איז? דו ווייסט שוין מיסטאַם.

## דער שענסטער נאָמען

איז העכער פון בערג
און העלער פון לויטערע שטראָמען —
דער טײַערער נאָמען.

דער טײַערער נאָמען,
ער פלאַקערט און פירט אונדז אין קריג
און פירט אונדז צום זיכערן זיג.

בא װעמען סע װאַכט דאָס האַרץ
און אויגן ברענען, —
דער װייסט פון עם נאָמען,
דער װייסט אים.
דער קען אים,
דער װייסט,
אַז דער נאָמען דער שענסטער איז — ל ע נ י נ.

## א בריוו · וואָראָשילאָוון

אוועק איז מײַן ברודער
אין רויטער אַרמיי,
מײַן ברודערל ליבער
אין רויטער אַרמיי.

כאוועך וואָראָשילאָוו!
כ'האָב ליב אים א סאך.
כאוועך וואָראָשילאָוו!
אים שטעל אפ דער וואך!

א שלאָגלער מײַן ברודער,
פרעמירט אין ווארשטאַט,
א יאט איז מײַן ברודער,
שוין איינמאָל א יאט!

כאוועך וואָראָשילאָוו!
כ'האָב ליב אים אזוי!
כאוועך וואָראָשילאָוו!
דאָס לאנד אים פארטרוי!

אָט הערט מענ, — בורזשויענ,
זיי שארפנ די שווערד,
ניט אנדערש — זיי ווילנ
סאָוועטישע ערד!

כאווער וואָראָשילאָוו!
דעמ ערשטנ אינ קריג,
כאווער וואָראָשילאָוו,
מײַנ ברודערל שיק!

א שלאָגלער מײַנ ברודער,
דער בעסטער בא אונדז!
ער וועט זיי באווײַזנ
א קריכנ צו אונדז!

כאווער וואָראָשילאָוו!
אונ טאָמער... ער פאלט, —
כאווער וואָראָשילאָוו!
איז שרײַב מיר דאנ באלד!

איכ בינ שוינ א גרויסער,
איכ וואקס נאָכאנאנד,
איכ לערנ זיכ האלטנ
א ביקס אינ דער האנט!

# דאָס קעצעלע

באַ אונדז איז דאָ א קעצעלע,
א קליינינקס, אזא-צאָ!
די מאמע זאָגט, סע טויג אונדז ניט,
איך ווייס, מיר טויג עס יאָ!

אזוי איז דאָס א שווארצינקעס,
נאָר פיסלעך — ווײַס, ווי שניי.
צוויי גלאנציק קליינע וואָנצעלעך,
וואָס שטענדיק פוצט זי זיי.

די מאמע האָט דאָס קעצעלע
פאר מײַזעלעך געבראכט,
שפילט זיך דאָס א גאנצן טאָג
און שלאָפט זיך גאָר באנאכט!

אכ, איז דאָס א לעבעדיקס,
איכ שפיל מיט דעמ אינ האָפ,
סע דראפעט מיר די הייזעלעכ
אונ קריכט מיר אפנ קאָפ.

איכ קיצל דעמ די אויערלעכ
די גלאטע, ווי א פליוש,
סע פארמאכט די אייגעלעכ,
גלעט איכ זיי אונ קוש.

ווענ צוריק סע עפנט זיי, —
בינ איכ שוינ גאָר ניטאָ.
שפרינגט עס, טאנצט עס, זוכט מיכ אומ,
זוכט א גאנצע שאָ.

זוכט מיכ אינעמ אייוועלע,
אינ קריגעלע, אינ טאָפ —
אונ פונ דער הויכער פאָליצע
פאלט עס אפנ קאָפ.

מיר שפילנ זיכ אונ שפילנ זיכ
אונ שלאָפנ אפ דער זונ.
ווער אונ וואָס מיר מײַזעלעכ,
סע האָט ניט וואָס צו טונ?

נאָר איינמאָל מיט דעם קעצעלע
געטראָפן האָט א זאך:
די מאמע האָט געזען עס
מיט מייזעלעך א סאך,

ווי סע טאנצט און שפּרינגט מיט זיי,
שפּילט זיך אן אנטיק!
פּאָכעט מיט דעם עקעלע
און מאכט די מייזעלעך שטיק!

די מאמע האָט געכאפּט עס באלד
און גיך ארויס פון שטוב,
פארטראָגן עס צום הינטערהויז,
ארײַפּגעלאָזט אין גרוב.

איך האָב זיך דאָ ארומגעדרייט
און שטיל געוויינט, געברענט,
אפילו מיט די לאָשעקלעך
זיך שפּילן ניט געקענט.

נאָר שפּעטער מיט א ווײַלינקע
(די מאמע ז'נאָך ניטאָ), —
הא־א! איך הער באם טירעלע,
דאָס קעצעלע איז דאָ.

מיר האָבן זיך דערפרייט אזוי
און גלייך פארפירט א שפיל.
געקומען איז די מאמע באלד,
און נאָר געשמייכלט שטיל.

בא אונדז איז דאָ דאָס קעצעלע,
דאָס קליינינקע, דאָס־אָ.
די מאמע זאָגט, סע טויג אונדז ניט,
איך וויס, מיר טויג עס יאָ!

# דאָס פערדל פון באַנאַכט

גענומען צו פאָרן
דער פאפא באַנאַכט,
ער האָט פון דער רייזע
א פערדל געבראַכט.

א פערדל אזא מינס,
ווי מאקס האָט געוואָלט:
דער קאָפּ און די טלאָעג
מיט שווארצן געמאָלט.

ניט פּאָשעט מיט שווארצן,
נאָר טאקע לאַקירט,
און טאקע דאָס צוימל
מיט זילבער באַצירט.

אזא מינ וויל מאקסל
שוינ זייער פונ לאנג,
אָט שטייט עס, דאָס פערדל,
אליינ אפ דער באנק

אונ קוקט זיכ אפ מאקסלענ,
סע ווארט אונ סע קוקט,
נאָר מאקסל ווייסט גאָרניט,
ער שלאָפט, אונ גענוג!

פארטאָג ערשט דערזעט ער,
צעשרײַט זיכ ניט שיר:
— סע דאכט זיכ, א פערדל
פארלאָפנ צו מיר!

וואָס איז עס, א כאָלעמ,
צי טאקע א פערד? —
ער רײַבט זיכ די אויגנ
אונ קוקט אלצ אונ קלערט.

אונ באלד מיט די הענטלעכ
א פריידיקנ פאטש:
— סע גאָר ניט קיינ כאָלעמ!
ס'א גאנצער פערדאטש!

אַראָפּ און געכאַפּט עס,
און טוט עס אַ פּיר,
אַ ציטער טוט מאַקסל
באַ יעדן זײַן ריר.

אַ קאָפּ — איז אַ קאָפּ,
און אַן עק — איז אַן עק!
באַקוקן די פּיסלעך
ער לייגט זיך אַוועק.

ס׳עגייט, אַז מע שלעפּט עס!
ס׳עשטייט, אַז מע וויל!
און אויב עס צעלייגן,
איז ליגט עס דען שטיל?

פירט מאַקסל דאָס פערדל,
די מאַמע ער וועקט.
די מאַמע, דעם פּאַפּאַ,
ער ווײַסט אים די דעק.

זיי זײַנען פאַרשלאָפן
און ענטפערן קוים,
מע זעט ניט דאָס פערדל!
מע זעט ניט די צוים!

איז פירט ער עס ווײַטער,
זײַן פערדעלע פירט,
און קלאפט מיט א הענטל
דעם שאָכן אין טיר.

סע ליגט נאָך דער שאָכן,
פון בעט פרעגט ער: „ווער?"
— איך וויל דיר באווײַזן,
באווײַזן מײַן פערד.

— איך האָב עס געזען,
מײַן טיר איז פארמאכט.
— דו האָסט ניט געזען,
ס'א נײַס פון באנאכט!

— איך קען עס, דײַן פערדל,
איך קען עס גענוג.
— דו קענסט עס ניט, קענסט ניט,
אָט טו נאָר א קוק!

— איך זאָג דיר, איך קען עס,
אָט הער, אז איך קען:
איין קאָפּ האָט דײַן פערדל.
— ווי ווייסטו עס דען?

— הער ווײַטער. דײַן פערדל
פיר פיסלעך פארמאָגט!
— פיר פיסלעך? פיר פיסלעך!
ווי ווייסטו עס, זאָג?

פארכידעשט איז מאקסל,
פארכידעשט און קלערט:
„ער האָט ניט געזען
און קען עס, מײַן פערד!

ווי קען ער עס קענען?
אז ס'איז נאָר בא מיר!"
און מאקס, א פארקלעמטער,
קוקט שטיל אפ דער טיר.

## די קוזניע

טיק־טאַק העמערל,
שטעלן מיר אַ קעמערל,
ווענטלעך פון אַ בלעכל,
פון קאַבאַק אַ דעכל.

צוויי קאָוואַדלעס שווערע,
ווערט אַ קוזניע ווערן,
גליטשיק, גליטשיק איז די ערד,
דאַרף מען אָפּקאָווען די פערד.

פירט דער פאַסטעך דורך די קי.
— ווער וועט, כעוורע, ווינען הי?
— נו, אַוואַדע, ניט די קי
וועלן, כאַווער, ווינען הי.

פירט א צווייטער דורך א פלוג:
— וואָס וועט שטיין אָט דאָרטן, זאָג.
— נו, אוואדע ניט דיין פלוג
וועט מען קענען שטעלן דאָ.

אָט פון דאָרטן, זעט און הערט,
פליט א רייטער אפ א פערד,
ליב צו ליב און קאָפ צו קאָפ,
פליט ער צו און שפרינגט אראָפ:

— כעוורע, קאָוועט מיר מיין פערד!
— פיר עס נעענטער אהער!

פייער, האמער, בלאָזזאק, בלאָז,
נו, פארהייב דעם פערד דעם פוס.
זעסט, מיר האלטן דיך ניט לאנג,
נעם דאָס פערד און זאָג א דאנק!

## דער אנטלאָפענער האָן

מע האָט דעם האָן אהיים געבראכט
און אַלץ צום קאָכן גרייט געמאכט.

א גוטער האָן, א ווילדער האָן —
מע דארף אים נאָר א קוילע טאָן.

די רייַז — געשוווענקט, דאָס מעסער — שארף,
און גרינס און בעבלעך, וואָס מע דארף —

דער גוטער האָן, דער ווילדער האָן —
האָט זיך פון שטריקלעך אויסגעטאָן.

דאָס פייַער גרייט, איצט נעם און קאָך,
מע גייט דעם האָן א נעם טאָן — אָך! —

דער גוטער האָן, דער ווילדער האָן
אוועק איז א שפּאציר צו טאָן.

מ'איז אלע זוכן אים ארויס,
סע קאָכט דער טאָפּ און קאָכט זיך אויס.

דער גוטער האָן, דער ווילער האָן —
האָט עפּעס וויכטיקערס צו טאָן.

ער לאָזט זיי גריסן פון דער וויַיט,
ער ווינטשט זיך האלטן אין א זיַיט,

ער האלט ניט פון קיין קוילע טאָן, —
דער גוטער האָן, דער ווילער האָן.

## דאָס פֿידעלע

א זײַטל פֿון א קעסטעלע
און פּעדעמער פֿון שטריק, —
מאַך איך מיר א פֿידעלע,
מאַך איך אַן אַנטיק.

א צווײַגל פֿון א ביימעלע,
לאַנגע האָר פֿון פֿערד, —
צי איך אָן א סמיטשיקל
און צעשפּיל זיך, הערט!..

די בינען בלײַבט שטיל און זומעט ניט,
די קאַץ פֿאַרײַסט דעם קאָפּ,
סע לאָזן זיך די לאָשעקלעך
אַוועק אין א גאַלאָפּ.

די הון פֿארגעסט די הינדעלעך
און הערט זיך צו מיר איַין.
— פֿארגעס ניט, הון, די הינדעלעך,
זיי וועלן אין טאָפּ אריַין!

סע שפּילט, סע שפּילט, מיַין פֿידעלע,
טריַי־לי, טריַי־לי, טריַי־ליַי!
דריַי פֿיקערס אפֿן קארשנבוים
טשיריקען צו דערביַי.

דריַי פֿיקערס אפֿן קארשנבוים
מיט העלדזעלעך ווי אש.
סע טוט א פֿאָך א ווײדעלע,
פֿאלט אראָפּ א קארש.

נאָר קיינער דארף קיין קארשן ניט,
מע הערט דאָך מיַין מוזיק, —
יעדער וויל דאָס פֿידעלע
א צי טאָן מיטן סמיק!

טריַי־לי, טריַי־לי, מיַין פֿידעלע,
טריַי־לי — און שווײַג, אן עק.
סע רופֿט די הון די הינדעלעך,
די פֿיקערס — אויך אוועק!

# די קאַץ און דאָס פֿייגעלע

— פֿייגעלע, וואָס פֿלאַטערסטו?
גייסט דאָך אויס פֿון היץ!
דו קום צו מיר, צום קעצעלע,
מיט מיר אַ קאַפּל זיץ.
דיך רופֿט דײַן פֿרײַנט דער בעסטער,
איך ראַט דיר ווי אַ שוועסטער,
דאָ שטייט אַ שטײַגל פּוסט,
דו וווינ דיר, ווי דיר גלוסט.

— כ׳האָב אין וואַלד, אין וואַלד אין העלן
טויזנט צווײַגן אַף צו שטעלן,
טויזנט לאָנקעס אַף צו גיין,
טויזנט סיבעס זיך צו פֿרייען, —
ווי זאָל מיר אַ שטײַג געפֿעלן?

קאַץ דו, וואָס דו ביסט —
וואַרטסט אַף מיר אומזיסט!

כ'האָב אין וואַלד, אין וואַלד אין העלן
טויזנט סאָסנעס אויסצושפּרינגען,
טויזנט לידער אויסצוזינגען,
אין דער הויכער לופט צו רינגלען —
זאָל מיר גאָר אַ שטייג געפעלן?
קאַץ דו, וואָס דו ביסט, —
וואַרטסט אַף מיר אומזיסט!

— פייגעלע, וואָס פלאַטערסטו?
דיין אַלטער פריינט דיך רופט.
די קויעכלעך וואָס פאַטערסטו
אַף פליִען אין דער לופט?!
סע ראַט דיר ווי אַ שוועסטער
די קאַץ, דיין פריינט דער בעסטער,
אין שטייג איז שפּייז צעשיט, —
און איך דאָס טירל היט!

— נאָכן טויזנט מאָל צו שטיין,
נאָכן טויזנט מאָל צו גיין,
נאָכן טויזנט מאָל זיך פרייען,
נאָכן טויזנט מאָל צו שפּרינגען,

נאָכנ טויזנט מאָל צו זינגענ,
נאָכנ טויזנט מאָל צו רינגלענ
אינעם גרויסנ הימל העלנ —
וועסטו אויכ מיר ניט געפעלנ —
קאצ דו, וואָס דו ביסט, —
ווארטסט אפ מיר אומזיסט!

## א מײַסע

קינדער־
קאַפּינדער,
איציק פּיק!
כ׳קען אַ מײַסע
אַן אַנטיק!

נעמט צונויף
די שפּילעכלעך,
די שפּילעכלעך,
די מילעכלעך,
די מילעכלעך,
דאָס הויז, —
דאָס מײַסעלע הערט אויס!

קינדער־
קאַפּינדער,
אַ הון מיט אַ האָן,
די מײַסע די שיינע,
זי הייבט זיך שוין אָן.

זי הייבט זיך שוין אָן,
אַ קו מיט אַ קאַלב,
די מײַסע די שיינע,
זי איז שוין באַ האַלב.
אַ קאַץ מיט אַ מויז —
די מײַסע די שיינע,
זי לאָזט זיך שוין אויס!

נעמט צוריק
די שפּילעכלעך,
די שפּילעכלעך,
די מילעכלעך,
די מילעכלעך,
דאָס הויז, —
דאָס מײַסעלע איז אויס!

## עזרע און דער בוהײַ

עזרע! עזרע! װוּ איז עזרע?
ס׳רײַסט דער בוהײַ זיך פון שטאַל!
קום אַרויסעט פאַרן טויער,
מיטן בײַטשל טו א קנאַל!

אָפּגעריסן זיך דער בוהײַ,
זיך פון הויף געטאָן א לאָז.
— רעװוא־װוא! — דער רינג פון אײַזן
באַמבלט זיך אין פײַכטער נאָז.

שפּאַנט דער בוהײַ, שפּאַנט פּאַמעלעך,
טוט א רעװו אַרײַן אין טאָל.
ענטפערט גאָר דער באַרג, דער װאַלד גאָר
מיט א היכץ, א װידערקאָל.

רעווע הילכט אינ טעפ, אינ פעסלעכ,
רעווע טרייסלט מיטנ הויפ.
שפילט דאָס קליינוואַרג, שפילט אינ דרויטנ, —
וואַרפט די שפילנ און אנטלויפט!

הינטער ווענטלעכ, אונטער דעכלעכ
הינטער קאמערנ געשטעלט,
שטופנ קינדער זיכ בא שפארעס,
זענ, ווי בוהײַ שפאנט אפ וועלט!

שטופנ קינדער זיכ בא שפארעס,
אונ סע טוט זיי הארציק וויי:
אלע שפילעכלעכ געבליבנ
דאָרט, אפ העפקער שטייענ זיי.

ביידע הינטלעכ איײַנגעשפאנטע,
איצט צערײַסנ זיי דעם שפאנ! —
שפרינגענ אפ דער מיל, הינטלאקעס,
אונ צעדרייענ דעם באשטאנ!

אוי, די ציג פרעסט אופ די דעכלעכ,
זעלכע געלע, פונ קאבאק,
זעט, די קעצלעכ איינס דאָס צווייטע
אפנ פארקנ באָכ! קנאק!

זעט, פון זאמד דער קליינער טראקטאָר,
און דער קלוב פון שטויב, טשערעט,
שטייען שטארקע, גוט געשלאָסן
אָטשערעט מיט אָטשערעט!

טוט דער בוהיי נאָך א רעווע,
טוט מיט אלעמען א וואָרף.
קיינער גייט אין גאס ניט, קיינער,
נאָר א דאָרפקאָר גייט אין דאָרף.

לויפן קעלבלעך, לויפן אויפעס
אין די הויפן גיך אריין;
טיו־טיו־טיו — די קעפ זיי שטרעקן,
אין דעם רעוו מע הערט זיך איין.

שפאנט דער בוהיי גאנץ פאמעלעך,
הייבט די פיס און שטעלט אוועק,
פאָרנט פאָכעט אום דער גוידער,
הינטן וויגט זיך אום זיין עק.

און די הערנער — שטאָלץ און מעכטיק,
יעדער גליד — א זונג, א טראָפ,
טראָגט די זון צעווישן הערנער,
טראָגט די זון זיך אפן קאָפ.

זון, א רויטע באַם פֿאַרגייען,
זיצט אַפֿ בוהײַ און זי קוועלט,
גיסט איר רויטקײַט אַפֿ זײַן רוקן,
און פֿון אים — אַפֿ האַלבער וועלט.

אינעם סטעפּ, באַ אַלמאַ־אַטאַ,
האָט געקויפֿט אים דער קאָלווירט.
אינ וואַגאָן, פֿאַר אים באַזונדער,
האָט מען אים אַהער געפֿירט.

ווער האָט אים געוואָלט באַלייטן
אינעם לאַנגן ווײַטן פֿאָר?
נאָר דער עזרע, אונדזער עזרע, —
לעבן זאָל ער לאַנגע יאָר!

גאָר א קורצינקער איז עזרע,
נאָר זײַן רויטע באָרד איז לאַנג.
אונטער בוהײַס בויך גייט דורעך
צו פֿאַרשפּאָרן זיך א גאַנג.

ווען ער דאַרף דעם בוהײַ וואַשן,
און צום רוקן ניט דערגרייכט,
שטעלט ער צו צו אים א לייטער,
און ער וואַשט — אַזש יענער קרעכצט.

שרײַען שנעקלעך: — עזרע, עזרע,
זאָג דעם בוהײַ עפּעס־וואָס!
ער האָט אָנגעשטעלט די הערנער,
ווי א בלאָזזאק בלאָזט די נאָז.

וואָס איז ער ארויס אין דרויסן?
איז דער הויף, די שטאַל אים ענג?
קאָן דאָך דעכלעך אונטערהייבן,
שפּארן ווענט אפּ ברייט און לענג!

און ווער טראָגט אים אונטער עסן?
עסט ער פון א צעבער דען?
און ווער קען אים נעמען מעלקן?
ווער א בוהײַ מעלקן קען?

און דער בוהײַ שפּאנט אפּ עזרען,
הייבט אים אוף באלד, זעצט אין דר׳ערד.
אָט צעטראָגט ער אים אפּ שטיקלעך:
זיבן עזרעס, צוואנציק בערד!

ווייסעך וואָס! אנטקעגן בוהײַ
שטייט זיך עזרע אפּ זײַן אָרט.
שטעלט זיך אָפּ פּאר אים דער בוהײַ,
בייגט דעם קאָפּ אָן פּאר זײַן באָרד.

גלעט די באָרד זיך אונדזער עזרע:
— קונדעס דו, וואָס מאכסטו שטיק! —
און דער בוהײַ מרוקעט שולדיק
און לאָזט זיך נעמען אפן שטריק.

# דער גאָלד־זשוק

דער גאָלד־זשוק איז פריילעכ,
א גליק האָט געטראָפנ:
ער איז פונ דער זשאבע
א גאנצער אנטלאָפנ.

עס האָט הײַנט די זשאבע
פארשלונגענ אימ שיר...
קוימ מיטנ לעבנ
אנטלאָפנ פונ איר...

איז לויפט ער איצט פריילעכ
נאָכ רויפנ אינ גאָרטנ.
איז טרעפט ער נאָר קלייניקע
רויפעלעכ דאָרטנ.

— הײַנט עסן קלײנע?
די קלײנע הײַנט? נײן! —
שפּאַנט ער זײ איבער,
לאָזט װײַטער זיך גײן.

סע פֿינקלען די טױען
מיט אַלערלײ פֿאַרבן,
סע גײט מיט אַ טענצל
דער גאָלד־זשוק אױף אַרבעט.

אונטער די גראָזן —
איז טונקל און קיל.
איבער די גראָזן —
איז זון אַזױ פֿיל.

פֿאַראַן אונטער גראָזן
טונעלן און װעגן, —
האָט ער דאָרטן, דאַכטע,
באַקאַנטע באַגעגנט.

אָבער מיט קײנעם
קײן שמועס ניט פֿאַרפֿירט.
נאָר מיט די װאָנצעס
קױם יעדן באַרירט.

— די רויפּן די גרויסע —
אַליין וויל איך פּאַקן!
די גרויסע, די גרעסטע —
אַליין כ'וועל צעקנאַקן!

שוואַרץ איז מײַן בײַכל,
סע גלאַנצט אַזש די הויט!
גאָלד — מײַנע פֿליגל,
די פּיס מײַנע רויט! —

דערזעט ער אַ רויפּע
אַ גרויסע, אַ גראָבע,
איז וויל ער זי נעמען,
דערשרעקט ער זיך אָבער.

— אַזעלכע באַדאַרף איך!
אַזאַ איז אַ גליק! —
וויל ער זי נעמען,
נאָר כאַפּט זיך צוריק.

דרייט זיך דער גאָלד־זשוק
אַרום זײַן ביסן,
ער הייבט זיך, ער בלאָזט זיך,
נאָר קאָן ניט געניסן.

איז ער געלאָפן,
דרײַ זשוקעס געבראכט,
האָט מען אינפירן
דעם אָנפאל געמאכט.

האָט מען אינפירן
די רויפע געכאפט,
האָט מען אינפירן
די רויפע צעקלאפט.

## די מאַלפּע

מאַני איז אַ קליינע מאַלפּע,
מאַני איז אַ שמיד אין שטײַג.
אַלע מאַלפּעס שפּרינגען, האָפּקען,
מאַני אָבער שלאָפט געצײַג.

איר געצײַג — אַ האַלבער גאָפּל,
שטיינדלעך, ביינדלעך, שטיקלעך האָלץ.
אַלע מאַלפּעס שפּרינגען, האָפּקען,
מאַני אָבער אַרבעט שטאָלץ.

שאַרפט דעם גאָפּל אין אַ ציגל,
וואַרפט אים אָפּ, אַ קערל כאַפּט.
קלאַפּט מיט הענטלעך מיט געניטע,
ווי אַ מענטש דאָס קערל קלאַפּט.

— זדראסטי, מאָני! — שרײַט א בירגער. —
טוט די מאַלפּע זיך א שפּאַר,
שטרעקט איר הענטל אויס, און יענער —
בריט עס אָפּ מיט א ציגאַר.

אוי, ווי מאָני טוט א ציטער,
ס'טוט איר שרעקלעך וויי, זי ברילט:
— נו, א בירגער! אך, א בירגער!
ווי, ווי וואַקסט מען אַזוי ווילד! —

שטיל קוקט מאָני אויפן בירגער,
קוקט אויף אים מיט טיפן בליק:
— ווער, א וועלכע מינדסטע מאַלפּע
מאַכט בא אונדז אַזעלכע שטיק?! —

און ס'איז מאָני שטאַרק באַליידיקט,
און צו מענטשן קוקט ניט מיין!
אין דער אַרבעט שטאַרק פאַרטיפט זיך:
שלײַפט א קערל אין א שטיין.

## ווי קאָנענ זיי וואקסנ ?

ווי קאָנענ זיי וואקסנ
אָנ זונ אונ אָנ שײַנ?
ווי קאָנענ זיי וואקסנ
אונ קרעפטיקע זײַנ?

איכ מיינ די בארסוקלעכ
די קליינע אינ וואלד,
וואָס טיפ אינ דער נאָרע
די מאמע זיי האלט.

זי לאָזט זיי באטאָג דאָכ
אינ וואלד ניט ארויס.
אינ וואלד גייענ יעגערס,
זיי כאפנ זיי אויס.

די יעגערס, זיי דארפנ
די פעלעכלעכ בלויז.
די מוטער וויל אָבער
ניט לײַדנ, אונ אויס!

זי דארפ זיי, זי דארפ זיי
אײַנגאנצנ אלײַנ.
זיי וואקסנ אינ נאָרע
אי קרעפטיק אי שיינ.

אונ טאָמער באדארפ מענ
א קאפעלע זונ,
איז אויב מע באדארפ נאָר,
איז קאָנ מענ עס טאָנ.

דערופ איז די מוטער
אווארע ניט פויל,
פאמעלעכנ כאפט זי
דאָס קינד אינעמ מויל

אונ טראָגט עס אינ דרויסנ
אינ וואלד אפ דער פריש,
אָ־דאָרט, ווו די זונ איז
מיט שאָטנ געמישט.

זי שטעלט זיך, די קליינע,
און זי לעבן זיי.
און ווען זיך דערוואַרעמט, —
איז ווערט א געשריי:

בא קליינע באָרסוקלעך
פאַרדרייט זיך דער קאָפּ,
פון זון, פון די שטראַלן
פאַרדרייט זיך דער קאָפּ.

זיי ווילן ניט מערער,
סע בריט זיי, סע שטיקט! —
דערשרעקט זיך די מוטער —
און שלעפּט זיי צוריק.

זי פּרוּווט זיך פאַרכאַפּן
צו צוויי מיטאַמאָל,
אין נאָרע איז בעסער,
ס'איז קיל און סע שמאָל.

ס'איז שמאָל און ס'איז פינצטער,
ניטאָ דאָרט קיין זון, —
וואָס דאַרפן באָרסוקלעך
נאָך בעסערס דערפון!

# בערטשיק

ס'איז אַן עמעסע געשיכטע,
און דערציילן איז קעדײַ, —
ווער סע וויל נאָר — בלײַבט זי הערן,
ווער סע וויל ניט — דער איז פרײַ.

ס'האָט מיט מיר אַליין געטראָפן,
מיט מײַן בערטשיק, יאָ, מיט אים.
זאָל אַזוינס שוין מער ניט טרעפן
ניט מיט אײַך און ניט מיט מיר!

ווען איך האָב אים נאָר דערזעען,
האָב געגעבן זיך דאָס וואָרט:
דער מוז מײַנער זײַן אַף אייביק, —
דער מוז אויסוואַקסן אַ כאָרט!

און געשענקט אים אָט אַ נאָמען:
בערטשיק, בערטשיק, — שענסטער הונט!
כאָטש אַ דאַרער — הויט און ביינער,
נאָר ווי שיין און קלוג און ג'זונט.

כ׳לויף אהיים — אוי, מאמע עסן!
מיש צונויף דאָס גאנצ געקעכצ!
כ׳האָב קיינ צײַט ניט — אכ, זאָלסט וויסנ,
וואָס כ׳האָב הײַנט געפּאקט א רעכמס!

כ׳האָב פארגנארט צו מיר א הינטל
מיט די ריפּטלעכ — ברויט מיט שמאלצ, —
האָסט אזא מינס ניט געזעענ,
דאָס עסט צוקער! דאָס עסט זאלצ!

ס׳האָט אזוינע דינע פיסלעכ,
דינע־דינ, מיט זײַדנ האָר.
ס׳מאכט זיכ פאר א גאנצנ גרויסנ,
כאָטש אינגאנצנ אלט א יאָר!

שאמע־שער, דער אלטער שנײַדער,
זאָגט, ער קענ א יאמ מיט הינט,
נאָר אזא מינ הונט א כאָכעמ,
זאָגט ער, זעט ער נאָר אצינד!

הערשל זאָגט: — ס׳א שפּירער־שפּיצל,
כאנקע זאָגט: — ס׳א פּראָסטער דאָג, —
אייסעכ־וויסעכ, — רייצ איכ אָנ אימ —
זאָלט איר זענ, ער טוט א יאָג!

הײַנט זײַנ עקל מיט די פראָנדזנ!
ווענ ער פּאָכט מיט דעמ אזוי,
גײט א ווינט, א ווינט א קילער,
אזש אפ דר'ערד צעקערט די שטרוי.

אויגנ, פינקטלעכ, ווי זײַנ מאמעס,
נאָר דאָס פיסקל — גלאנציק־גרינ.
אונ די ציינ, ווײַזט אויס, געפוצטע,
אונ דאָס צינגל — רויט אונ דינ.

ער האָט פײַנט, אז מע צערײצט אימ,
אז מע פירט זיכ מיט אימ הארט. —
וויפל כ'האָב זיכ אָנגעמאטערט,
ביזקל איכ האָב אימ פארנארט!

כ'האָב אימ שוינ געלערנט זאכנ:
— ליי'נ א בריוו — טוט ער א ניס!
ווענ איכ זאָג אימ: — שטעל זיכ, בערטשיק!
שטעלט ער באלד זיכ אפ צוויי פיס!

גיב מיר, מאמע, פלייש א שטיקל,
נאָכ א שטיקל, ס'מאכט ניט אויס!
גיב א פלעצל, גיב א הערינג,
ר'האָט א מויל אזוי די גרויס!

און ער איז בא אונדז געבליבן,
עסן האָט ער: ביינער־בראָק. —
בערטשיק ווערט אַלץ גרעסער, פולער,
ווי די זון, מיט יעדער טאָג.

אין די נעכט אַליין אין דרויסן
היט דעם הויף אַף אַלע פיר;
יאָגט די קעץ און יאָגט כאַזיירים,
פילדערט, שרייַט, צערייַסט זיך שיר.

נאָר סע בלאָזן זיך די שכיינים:
— נו, א הונט! אַזאַ מין נאַכט! —
נאָר איך ווייס, ווען ניט מייַן בערטשיק,
וואָלט מען אַלצדינגס אומגעבראַכט!

נאָר איך ווייס, ווען ניט מייַן בערטשיק,
וואָלטן לאַנג שוין ניט געווען
סייַ די גענדז און סייַ די הינער,
סייַ א שטיינדל אַף א שטיין!

ווייַל ס'איז דאָ גענוג נאָך סאָנים,
און די קינדער זייַנען קליין,
אָבער בערטשיק קען די סאָנים,
ווייסט, ווער פאַלש איז און געמיין!

אָט, אשטייגער, ווען א כאַפּטע —
די, וואָס גאנווענען די פערד,
איז ארײַן צו אונדז אין קאמער, —
אויסגעוואקסן, ווי פון דר׳ערד —

און צעשלעפּט דאָס היי, די סיטשקע
און פּאָלאָווע זאק נאָך זאק,
גוט, וואָס ניט דערזען די קלײַנע,
ניט געפּאקט די נײַע האק.

און אין שטוב מע הערט ניט גאָרניט,
מ׳איז פארשלאָפן שווער און הארט,
כאָטש מײַן בערטשיק רײַסט זיך, פּײַערט, —
גראָד איז ער אין שטוב פארשפּארט.

ביז ער — טראכ! צעברעכט א טעפּל,
כאפּט זיך באלד די מאמע אוף,
שמיצט אים גלײַך ארויס אין דרויסן,
ווערט אין דרויסן א געלויף.

א געלויף און א גערודער,
סיטשקע שיט זיך, ס׳ברעכט א ברעט;
שרײַט די מאמע: — אוי, גאנאָווים!
פליט דער טאטע באלד פון בעט.

און מיר, קינדער, נאָכן טאטן, —
פארן טאטן — בערטשיק לויפט,
און מיר שרייַען: — גוואלד! גאנאָווים.
ראַ־טע־וו־ע־ע־ט!

ערשט דערנאָכדעם האָבן אלע
גלייַך געזען, ווער בערטשיק איז;
מ'האָט אים אָנגעהויבן קעכלען,
גלעטן, שמייכלען צו אים זיס...

און ער ווערט מייַן ליבסטער כאווער
און דער בעסטער פרייַנט אין שטוב:
העלפט מיר זינגען, העלפט מארשירן,
ווארט מיך שאָענלאנג באם קלוב.

גייט דער זומער, פרייליכ גייט ער,
נאָכן זומער גייט דער הארבסט.
פעלד איז הויל, נאָר שטעקנס שטייען
קאָנסט זיך שניצן וואָס דו דארפסט.

גראָב קאנאלן, מאכ קוריניעס,
כאפּ א יאשטשערקע באם עק. —
בערטשיק ווייסט, כ'האָב ליב איזשאקעס,
לויפט ער אום און שמעקט און שמעקט.

ציט דער הארבסט אַרײַן אין װינטער.
װאָס איז װינטער? גליטש און שניי.
קלאָר און מונטער אַלע קינדער,
נאָר איך אײנער ניט מיט זיי.

װײַל װאָס מיר האָט זיך געטראָפן,
האָט זיך קײנעם ניט — איך שװער.
אַז דעם אײגענעם בערטשיק מײַנעם
זאָל פאַרניכטן, און נאָך װער? —

איך אַלײן! נאָר װאַרט, פּאַמעלעך. —
ס׳שטײט אין דרױסן אונדזער הױף,
װוּ זאָל װינטערן מײַן בערטשיק?
איך? — איך זאָג: — אָפּן אויװן אַרױף!

שפּרינגט ער אָפּן אױװן, בערטשיק,
װאָס אַרט עס אים? ס׳איז הימלעך, נײַ;
באַקט מען קנישעס, זאָל מען באַקן!
װיל ער פּלעצל? — באַלד דערבײַ!

נאָר דער טאַטע שרײַט: — אין דרױסן!
א הונט דאַרף היטן, זײַן אין הױף!
און די מאַמע לאַכט: — אװאַדע,
אָפּגעדרײט פון פּלױט א שרױף!

הערט מײַן הינטל, ווי מע זידלט,
שטרעקט דעם קאָפּ אויס, זאָגט קיין וואָרט, —
מיטאמאָל — א שפּרונג פון איווּנג
און אין דרויסן לייגט זיך דאָרט.

נעמט דערווײַל דער ווינטער שפּילן
אפן רעכטן, גראָבן באס,
שטעלט דעם טײַך אָפּ, שנייט ביז דעכער,
כאפּט בא נעזער, פרירט דאָס פּאס.

איינמאָל, כ׳שנײַד א וועג צום ברונעם,
כ׳שרײַב מיט שטאָק אפּ שניי א בריוו,
בערטשיק שטופּט דעם קאָפּ אין שנייען,
שפּרינגט און פּאָרקעט זיך טיף־טיף...

גייט אדורך מיט גלאָז א קעסטל
אונדזער גלעזער ארקע זוס,
גאַנוועט שטיל זיך אונטער בערטשיק,
כאפּט אים אָן באם לינקן פוס.

אַך, אז ארקע מאכט א ליארעם: —
— אײַ־אײַ! א מעשוגענער הונט!
סע ווערט א גוואלד, און איך, איך טײַנע:
— ניין, אוי, ניין, דער הונט איז ג׳זונט!

כ׳טרייַב אים: — בערטשיק, ס׳א סאקאָנע!
אוועק, אנטלויף, נו, הונט, דו, — העט!
נאָר איך זע אונ ווער דערשראָקן:
כ׳זע, ער הערט ניט, וואָס איך רעד.

ס׳ווארפט מיט אים, ער שטרעקט די צונג אויס,
רוקט זיך ווידער געבן א ביס,
האָט פעטער זוס מיט זייַנ שטיוואלע
אים מיט קראפט געטאָנ א ריס!

האָט א פלי געטאָנ מייַנ בערטשיק,
שרעקלעך זיך צעווייינט, צעבילט,
אונ נאָכנ אייגענעם עק פארדרייט זיך,
ווי א וויכער, גיך, געשווינד.

— אך, א שאָד אזא מינ הינטל, —
זאָגט דער שנייַדער שאמע־שער. —
שווער דעם הונט דער ערשטער ווינטער,
האָט ניט אויסגעהאלטנ בער.

וואָס, ס׳איז גרינג דעם הונט דאָס לעבנ?
קעלט איז גרויס אונ קאָפּ איז קליינ,
באָרוועס גייט ער, דרויסנ שטייט ער,
נו, אונ ס׳פעלעכל געמיינ.

האָבן יינגלעך אויסגעשריגן:
— בערטשיק מעשוגע! מעשוגע — יאָ!
— מע דארף אים טויטן! — שרייַט דער גלעזער, —
— כּעוורע, שטעקנס! הייַדע! — הא!

און מיר לאָזן זיך נאָך בערטשיק,
איך, — איך אויך מיט אַן אוראַטש. —
כ'שרייַ, איך וויין און לויף נאָך אַלע,
ווי צעדולט און ווי צעפּאַטשט.

כ'וויל, ער זאָל שוין גיכער שטאַרבן,
כ'קאָן ניט זען, ווי כעווערלייַט
שטעקנס וואַרפן אים און טרעפן,
ס'רינט אים בלוט פון מויל, פון זייַט.

כ'וויל, ער זאָל שוין גיכער שטאַרבן,
ר'לויפט אין פעלד, מיר לויפן נאָך. —
...דאָס פעלד האָט רו דעם הונט געגעבן
און צעבליט מיט ווייַץ דערנאָך.

און נאָך בלייַען גייט דאָס שנייַדן,
נאָכן אָנהייב גייט דער סאָף!
נאָכדעם זייט מען, שנייַדט מען ווידער,
שלאָף זשע, פרייַנט, מיט זיסן שלאָף!

# אמאָל איז געווען

1

איך געדענק די אַלטע צײַט,
כאָטש זי איז שוין גראָו און ווײַט,
און מיט שטויב, מיט מאָך באַדעקט,
און פון קאָפּ ווי אויסגעמעקט.

נאָר סע טוט אמאָל א נאָג —
יענער לאַנגער אַרבעטס-טאָג:
איך, א וועוויריק נאָך א ווילדער
און באַם זײַט איך זע די בילדער

פון די אייגענע, די פרעמדע;
פון די טעג — צעפליקטע העמדער,
טוט א צי פון גרויער ווײַט, —
פון מײַן קינדער־שווערער צײַט.

2

...אונדזער שטיבל אפן בערגל,
אויסגעצויגן, גלײַך סע לויפט.
פון דרײַ זײַטן — ווינט און שליאכן,
פון דער פערטער — איציקס הויף.

ווער ס'איז איציק? — פּאָשעט איציק.
דער, וואָס האלט דעם גרויסן דראטש,
דער, וואָס האָט געפּאטשט מײַן טאטן
און דערנאָך אויך מיך געפּאטשט.

איך געדענק א קאלטן ווינטער,
מיט א כעוורע שטארקע פרעסט,
שניי אפ שניי און ווינט אפ ווינטן,
פעלדער גלאט, ווי אויסגעפּרעסט.

שנייען ליגן אופגעהויקערט
פאר דער שטוב און אפן דאך.
פענצטער זײַנען שטארק פארהוקעט,
די קאנורקעס — שטארק פארטראכט.

דעמבבעלעך מיט ווײַסע פאכוועס
ביזן גארטל אזש פארשנייט.
העט באם הימל אײַנגעקריצט זיך,
העט א דערפעלע דאָרט שטייט.

און סע שמו׳סט שוין ניט דאָס טײַכל,
און די דייזשקע כאפט א פריר.
שוועלן ווערן פראָסטיק, העכער,
פראָסטיק, סקריפענדיק — די טיר.

שלעפט די מאמע ארויס די פוישטן,
טוט א קרעכץ: „שוין דאָ א לאָך".
נעמט מײַן איטקע זיי פארלאטען,
שטעלט לאָפאטע־גרויסע שטאָך.

הייצט די באבע אײַן דעם אויוון,
פלאמט קורײַ־גראָז מיט א קנאק,
שײַנט איר פּאָנעם פארן אויוון,
און סע פלאמט בא איר א באק.

פרייילעך ברענט די שטרוי אין אויוון,
טרײַבט דעם פראָסט: צוריק, צוריק.
דורך די שויבן פלאמט דער מיזרעך
אין א ליכטיקן באשליק.

3

אַך, מײַן באַבע, ליבע באַבע,
אָפּגעהאַרעװעט אַ װעלט!
קײנמאָל ניט קײן זאַטן ביסן,
שטענדיק פעלט, און פעלט, און פעלט...

גלײַך זי האָט אַף זיך גענומען
כאָװען טעכטער, כאָװען זין
צוליב איציקן דעם דראַטשניק,
אין דער קיך, אין דראַטש-מאַשין.

באַ די קינדער װאַקסן קינדער,
אײניקס קלײנע, יאָדער־קלײן.
װאָס זשע איז דען איציקס אײסעק,
װאָס ער קוקט זײ אין די צײן?

װי מע װאַקסט און װי מע יאָרט זיך,
צען איז גוט, איז גראָד די צײַט.
— כ'נעם זײ צו, נו יאָ, פאַרשטײט זיך,
איך װעל מאַכן פון זײ לײַט...

בא דעם פֿײַער שטייט מײַן בערל,
ווארעמט אָנעטשעס פֿון זעק.
הילט אין שמאטעס אים די מאמע,
לויפֿט ער באלד צום דראטש אוועק.

דאָרטן ארבעט ער באַם רײַב־שטיין,
יאָגט דאָס פֿערד, און אים סע יאָגט.
פֿאר דער שווערער ארבעט קריגט ער
זיבן קאָפּעקעס א טאָג.

און א צוגאָב — אויגן־ווייטעק,
ווערט אנשלאָפֿן, ווו ער שטייט.
טוט אים מאמע אויס און ברומקעט,
און זי שעלט זיך שטיל־פֿערהייט.

4

אָט, פֿון אויוון רוקט די באבע
מאמעלײַעס רויט־פֿארפֿלאמט.
זי באגיסט מיט אייל מיט פֿרישן,
ווערן זיי ערשט רעכט באמאמט!

קריך איך גיך ארײַן אין הייזלעך,
פּיצ־פּיצ־פּאצ! — אפּגיך א וואש.

ס'איז שוין שפעט, אף די מאלײַעס
לויפט שוין אום מיט אייל די פלאש.

גיט די באבע צווײ מאלײַעס,
בריט אין הענט — א װאָרף, א װאָרף:
מיט אזעלכע, נו, פארטרײַבן
קאָן מען פראָסט פון שטאָט און דאָרף!

שוין פארוקט דעם הייסן אויוון,
שוין פארשטעקט דעם קוימען־לאָך,
אָפּגעבראָטן צען קארטאָפליעס,
פּלעצלעך גראָבע אף א װאָך.

האָט די מאמע פעט פארפוצט זיך:
טראנטעס, שמאטעס, דאכט, א שאָק.
נאָר פארהוסט זי זיך א ביסל,
טוט זי אָן באלד נאָך א ראָק.

שלעפט זי זיך דאָרט הינטער הײַזער,
היט זי אָפּ דאָס פרעמד געהילץ.
און זי דארט אין װײַסער קרידע,
װערט אלץ בלויער, בלוי װי מילץ.

בלײַבט די באבע, בלײַבט מײַן איטקע,
איך מיט זיי — „דער קלײנער שנעק“.
איטקע נעמט א קלייד און שליארעט,
איך — אן אלעפבייז, איך קלעק.

רוימט די באבע אופ אין קיכל,
כאפט דעם זאָק און טוט א לויפ,
ווארפט פון זיך אראָפ די שקראבעס,
אפן אויוון קריכט ארופ.

זאָגט מיר: — לייבל, נעם מײַן שאלכל,
טו זיך אָן אין מײַנע שיך,
טראָג אָפ בערלען דרײַ מאלײַעס,
זײַ א ווילער, לויפ אפגיך.

— אוי, ס׳איז קאלט מיר, — קווענקל איך זיך,
כ׳ווײַז אפ איטקען: — זי... זי מעג...
זע איך נאָר נאָך איין מאלײַטשיק,
לאָז איך זיך אין שווערן וועג.

5

לופט איז הארב, און בייז אין דרויסן,
שטארקט דעם שניי, וואָס שיינט און שטראַלט.
נאָר דער באבעס שאַל, ער שיצט מיך,
פון דער קרירע מיך באהאַלט.

כ׳שלעפּ די גרויסע, הארטע שקראבעס,
זיינען קאַלט, זיי ווערן גרוי,
ס׳קילן אָפּ מיין בערס מאַליעס,
און זיי ווערן טויט אזוי.

כ׳זע דאָ לאנגע רינווע־צעפּלעך,
אויסגעשמידט פון פראָסט, פון קעלט,
צעפּלעך בערד און צעפּלעך פּאטלעס,
הוילע צעפּלעך איז די וועלט.

אוי, מיין נאָז, מיין נאָז, מיין נעזל,
ס׳הייבט אָן טריפן, ווי א טייך,
נאָך איין סמאַלע — ווערט עס צעפּלעך,
מיט די רינווע־צעפּלעך גלייך...

כ׳גיב אָפּ זיינס דעם ברודער בערלען,
קייט ער גיך און קייט געשמאק, —

דאכט, סע קײַען אויך די שרויפּן,
קײַען, סקריפּען, מיט א קנאק.

כ׳לויף אהיימ, ס׳איז קאַלט, איך ציטער,
רײַסט דער פראָסט מיר אפ דער נאָז,
טרייסלען זיך די הענט די רויטע,
און די. אויערן — שטײַף ווי גלאָז.

כ׳קריך ארופ אפ הייסן אויוון,
מאכט דער פראָסט דאָ ניט קיין שטיק,
כ׳נעמ זיך פּלעצל און כ׳צעלייג זיך, —
ווער נאָך האָט אזא מײַן גליק!..

באבע דרייט מיט אירע שפּיזלעך,
איטקע נייט א בארג, א טאָל.
— באבע, באבע, נו, דערצייל זשע!
„... אמאָל, אמאָל איז געווען, אמאָל...״

6

— ס׳איז אנומלט שוין א שײַנער, —
הייבט די באבע טרויעריק אָן, —
ס׳איז א הונגער־יאָר, א יאקרעס,
ס׳ברעכט א ביין און ס׳קלאפּט א צאָן...

אָרעמעלײַט אין זעלכע יאָרן,
וואָס? — קאדאָכעס גיט זיי קעסט.
נאָר די גווירימ ארט עס ווייניק, —
האָבן האָט מען און מע עסט.

און מײַן טאטע איז א נעמען,
איז א נעמען אין א מיל.
ביטער איז אונדז, ווײַל מע מאָלט ניט,
אלץ איז אָפּגעשטעלט, סע שטיל.

הייבט די טיר אָן אָפּטער סקריפּען,
קיצווע בעט שוין יענער, דער.
א פּאָר הויזן פאר א בייגל,
א קארטאָפליע פאר א שער!

פינפ גילדן א וואָגן שפּענער,
שטרוי א בינטל — א פּיאטאק.
מע פּארקויפט פון זיך דאָס מאלבעש,
אלטן לאפּטיקנאש און „סאק".

נו, איז איצ א וואסערפירער,
הייסן הייסט ער אזוי, איצ.
ר'האָט פּארמאָגט א ווײַב און קינדער
און א פּאָנעמ א צעקריצט.

ד׳האָט פארמאָגט אַן אָרעם פערדל:
בלינד און קרום און שטום, אָן האָר, —
פון באגינען ביז שטאָק־פינצטער
פלעגט דערגייען דעם די יאָר.

ס׳האָט געשלעפּט דאָס פוילע פעסל
אַף דער קרומער, בייזער אקס.
און די רעדער, ווי שיקורים,
זיך געדרייט, געקנוילט מיט פלאקס.

איז דאָס גוטע־יאָר געקומען, —
האָט געטראָפן אים אין קארב:
בא אזא מין נויט און הונגער, —
נו, — כאָטש צי זיך אויס און שטארב!

ר׳איז געווען דערצו א כוילע,
גאָר באדארפט דאָס שטיקל פלייש.
און געהיקעט — היקעט ביטער, —
אזש באשלאָגן פלעג א שווייס.

איז געגאַנ, דעם קאָפּ אפּריער,
זיך געוואָרפן, ווי א פּיש.
און געטייַנעט היקעוואטע:
„כאָ-אָ־ט-ש נעמ א קנאָב־ב־ל, רייב אין טיש!

היקעוואטערהייט דערציילט ער,
ווי די קינדער מאָנען ברויט,
ווי סע שאָקלען זיך די ציינדלעך,
ווי סע בלאָטערט זיי די הויט...

7

גרויער ווערט דער דרויסן, גרויער,
זאָגט אונדז צו א בייזע וואָך.
און דער הימל, בלינדלעך, קוקט ער,
ווי מע האקט אין בוג א לאָך.

פאר בעהיימעס א פּאָלאָנקע
שלאָגט מען אוף אין טײַך באַם אײַז.
האקן העקערס, שפּרינגען שטיקער, —
ביז דער בוג אן אויג באַווײַזט.

טרינקען, קוויקן זיך בעהיימעס:
ווער סע כליפּטשעט, ווער סע זופּט,
ווארמע פּיסקעס אומגעדולדיק
אינעם אײַז־וואסער מע שטופּט.

אפן פענצטער וואקסן וועלדער,
אין די וועלדער הערשט דער פראָסט.

נאָכן אינדיק יאָגט א יעגער,
און א טרעגער טראָגט די פּאָסט.

און די באבע ברומקעט אונטער,
וואשט און שײַערט דאָס געפעס,
אפן קוימען שטייען שקראבעס,
טריפן טרערן פון די נעז.

און מײַן איטקע ווארפט דאָס נייען,
שטעקט די נאָדל אײַן אין פאלד.
גייט פארפרוירן צו צום פענצטער,
צו די כײַעלעך אין וואלד.

טוט א קוק און כאפּט דאָס פּלעשל,
לויפט אפגיך נאָך קעראָסין,
דאָ אין דרויסן גריסט דער פראָסט זי,
בלויע ווײַטן, גרוי און גרין.

---

ענגער טוליע איך זיך, ענגער
צו מײַן באבעס לינקער זײַט.
אָט זי ראמט שוין ניט, זי זיצט שוין,
אין געדאנקען ערגעץ ווײַט.

בייגט זי זייער איַין די פּלייצע
און פאַרשנירט דאָס דינע מויל.
טונקל, טונקל פון איר פּאָנעם
קוקן שוואַרצע אויגן-קויל.

עפּעס ווייסן זיי אַוודע,
אָט די אויגן, טיף און וויַיט,
וואָס א מענטש איז, וואָס א הארץ איז,
פאַרוואָס אָרעם, פאַרוואָס ריַיך.

8

האָט א ווינט זיך אויפגעהויבן,
ווינט א ווילדער האָט דערוואַכט.
אינעם קוימען פּיַיפט, יעלאָלעט,
זאָגט אונדז צו א ווילדע נאַכט.

קומט אָן בערל פון דער אַרבעט.
פּעט דאָס אָנטאָן, וואָס ער טראָגט,
טרוקן זיַינע ברייטע ביינער,
מידקייַט אין די ביינער נאָגט.

טרוקן זיַינע ברייטע ביינער,
פּעט איז נאָר זיַין שמוציק העמד.

אָבער פרייל֗עכ ווערט אינ שטיבל֗,
ווענ צום וואשנ זיכ ער נעמט.

הייסע וואסער גיט די באבע,
ר׳ל֗אָזט אריַינ די הענט, ווי טעצ.
הענט, ווי פויקער-טעצ — זיי פּל֗עשטשענ, —
ווערט אינ טאז א יויכ מיט פּעטס.

פּאָנעם, קאָפּ אונ האל֗דז־אונ־נאקנ
גיבנ אָפּ פונ וואָכ דעם קויט.
בערל֗ קומט ארויס פונ קיכל֗
גרויס אונ פריש, צעפּארעט רויט.

שווארצער קאָפּ מיט שרונט מיט וויַיסנ,
העמד מיט ל֗אָגנ, ערשט געפּרעסט,
ברייטע באקנביינער בל֗יִענ,
פריש־געגאָל֗ט אונ מוסקול֗-פעסט.

טראכט די מאמע: „קיינ בייז אויג ניט...
אונ פונ וואָס, מ׳שטיינסגעזאָגט? —
פונ קול֗יש מיט פל֗עצל֗ שיַינט ער,
פונ די מאסעס, וואָס ער טראָגט?"

און זי קאָן ניט, קאָן ניט ליַידן
איטקעס כאווערטעס, די שלעק,
וואָס זיי ווארפן אפ אים אויגלעך,
אומדערווארט און אומגעפרעגט...

שטעלן זיך אריַין כאווײרים:
באַנדערס, שמידן, לײַט פון מיל.
איז דער מאמען ווידער פריקרע,
טאָמער קוקן זיי צופיל

אפ איר איטקען, די יונגאטשעס:
„נאָר מע רעדט צו איר, מע לאכט".
איז די מאמע פול מיט אומרו,
פריקרע־אומעטיק, פארטראכט.

גאָר די באבע איז צופרידן:
פרײלעך איז די קינדער, גוט.
אָפּגעמעקט פון זיי די זאָרגן,
אופגעוועקט אין זיי דער מוט.

טײלט זי אלעמען מאליַיעס,
הייסע קערלעך שטעלט פאר זיי.
קיינער זאָל ניט זען, כאַפּט זי
ברענגען וואסער, שטעלן טיי.

ניט א קינד דערופֿ צו שיקן,
ניט צעשלאָגן זיי דעם שמועס,
אלע וואָלטן זיי געלאָפֿן,
ווען זיי וואָלטן נאָר געוווּסט.

באבעס פּאָנעם איז פֿארוויטלט,
דארע הענט די קאָלבע קוועטשט,
שלעפּט דעם פֿולן, שווערן עמער,
וויגט זיך אום, עס פֿאלן פּלעשטש.

גיכער... פֿריילעך איז אין שטיבל,
מונטער שמועסט די כעווריי.
איילט זי מיטן עמער וואסער,
זי האָט ליב צו זיין דערביי.

ס'קומט ארײַן א לאנגער כאווער, —
קורץ דאָס שטיבל ווערט, — פּאָטאפּ.
ער דערציילט, ווי בא די שנײַדער
שוין די שטרײַקברעכער צעקלאפּט.

שוין צעקלאפּט און שוין צענעריקט,
באלעבאטים צוגעפּרעסט.
אונדזערס וועט מען זיך דערשלאָגן,
איינס נאָר — האלטן זיך און פֿעסט...

---

# אינהאלט

זײַט